# אידישקייט

## דער וועג צו גליק און געזונט

ISBN:0-657-12672-1





הרב נחום כהנא שפירא

# JUDAISM

## A Guide to Health and Happiness

A PAMPHLET

presenting the highlights of

**Rabbi**

**Nahum Kahane Shapiro's**

Introduction to his
Scientific - Religious - Ethical treatise on
"THE PERFECTION OF THE INDIVIDUAL —
THRU TORAH AND SCIENCE"
soon to appear.

THIS PAMPHLET WAS PREPARED BY
A DISCIPLE OF RABBI SHAPIRO.



SHULSINGER BROS. PUBLISHING CO.
NEW YORK, 1940

# אידישקייט

## דער וועג צו גליק און געזונט

איינינגע תשובה געדאַנקען אַרויסגענומען
פון דער איינלייטונג צו דעם ספר
„השלמת האדם על פי התורה והמדע"

פון

## הרב נחום כהנא שפירא

(באַארבייט דורך איינעם פון זיינע תלמידים)




ניו-יאָרק, תש"א

# אינהאַלט:

## א.

## „ימים נוראים״

די „ימים נוראים״ אַמאָל זיינען ביי אידען געווען נאָר די עשרת ימי תשובה, די טעג פון ראש השנה ביז יום־הכפורים. ביי אונז איצט — זיינען אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָהר געוואָרען „ימים הנוראים״, פאַרכטיגע טעג. אונזער גורל הענגט אויף אַ האָר. עס זיינען אויפגעשטאַנען אויף אונז מעכטיגע שונאים, וואָס ווילען אונז אומבריינגען, פאַרניכטען. די המן׳ס פון אונזער צייט זיינען נאָך געפערליכער פאַר די טאָרקוועמאַדאָס אין שפּאַניע. יענע האָבען געוואָלט אומבריינגען אונזער אמונה, אונזער גלויבען אין גאָט, אונזער לעבענס־שטייגער. „תן לי הנפש״ — גיב אונז אַוועק דיין נשמה, שמד זיך, – וועסטו בלייבען לעבען. זייער רוף איז געווען: „טבילה אָדער טויט״, „שמד אָדער אומקום״. די היינטיגע המן׳ס ווילען ביידע זאַכען: אי דעם גוף, אי די נשמה. „גם את הנפש וגם את הרכוש תן לי״. די אידען אין אייראָפּע שטייען פאַר דער געפאַר פון עקאָנאָמישער, פיזי־שער און גייסטיגער אויסראָטונג.

אין אַזעלכע פאַרכטיגע טעג, ווען דאָס גאַנצע לעבען און עקזיסטענץ פון אידען און אידישקייט איז אין דער גרעסטער געפאַהר, מוזען מיר מאַכען אַ חשבון־הנפש; מוזען מיר זעהן, וואו מיר האַל־טען אין דער וועלט; זיך אָפּגעבען רעכענונג, ווי אַזוי מיר קענען דורך תשובה און זעלבסט־אויס־לייטערונג שטאַרקען אונזער גייסט, אַזוי אַז מיר זאָלען זיין בכח אָפּצושלאָגען די פאַרניכטענדיגע קלעפּ פון שונא.

אונזערע פעסטונגען זיינען שטענדיג און אין אַלע צייטען געווען אונזערע גייסטיגע כחות, אונ־זער גייסטיג־אידיש לעבען. אידישקייט האָט אונז אַרויסגעראַטעוועט פון אונטערגאַנג ביז־איצט, אין די צוויי טויזענט יאָהר פון אונזער גלות־געשיכטע, אידישקייט וועט אונז אַרויספיהרען מן המיצר, פון דער איצטיגער ביטערער און גורל־שווערער צייט.

„לא בחיל ולא בכח כי אם ברוחי״ (ניט מיט חיל און ניט מיט גבורה, נאָר מיט גייסט) – האָט דער נביא אונז איבערגעגעבען ג־ט׳ס רייד. אונזער געווער איז גייסט. דאָס זיינען לעבענס־כללים אויך פאַר אונז היינט. אינ׳ם איצטיגען געראַנגעל צווישען אידישען פאָלק און זיינע שונאים וועט זי־גען דער, וואָס וועט אַרויסווייזען מעהר גייסט.

ווען דער הייליגער מאַרטירער ר׳ חנניא בן תרדיון איז געלעגען איינגעוויקעלט אין די גווילין

פון דער ספר־תורה און צוזאַמען מיט זיי געברענט אויף די שייטער־הויפענס, אומקומענדיג אויף קידוש השם, האָט ער געזאָגט: „גווילין נשרפים ואותיות פורחות", — „דער פאַרמעט ברענט, אָבער די אותיות צעפליהען זיך". דער תנא האָט דערמיט געמיינט צו זאָגען, אַז אומברייינגען קען מען נאָר דאָס גשמיות'דיגע, דאָס ערדישע. דעם גייסט — איז אוממעגליך אומצוברייינגען. פאַרקערט, דער גייסט ווערט געלייטערט און געשטאַרקט דורך צרות און אומגליקען. פונקט ווי גאָלד ווערט געלייטערט אין פייער, — אַזוי ווערט דער גייסט געלייטערט אין דעם „כור עוני", אין דעם לייטער פון פיין.

## ב.

## די אחריות, וואָס ליגט אויפ'ן אידישען קיבוץ אין אַמעריקע

די לאַנגע געשיכטע פון אידישען גלות־לעבען איז אויסגעווייקט מיט אידישע צרות און אידיש בלוט. רדיפות און פאַרפאָלגונגען זיינען געווען און זיינען נאָך אונזער טעגליך ברויט. אָבער מיר זיינען אַן „עם עולם" אין טאָפּעלטען באַדייט: אַ פאָלק וואָס איז אייביג, און אַ פאָלק וואָס איז צע־

שפרייט און צעזייט איבער דער גאַנצער וועלט. דווקא איצט זעהען מיר מיט אונזערע אייגענע אויגען און פאַרשטייען דעם טייטש פון די ווער־טער פון אונזערע חז״ל: „צדקה עשה הקב״ה לישראל שפזרם בין האומות״ (פסחים, דף פ״ז) — „אַ געפעליגקייט האָט ג־ט געטאָן צו די אידען מיט דעם, וואָס ער האָט זיי צעזייט און צעשפרייט צווישען די פעלקער״. די טובה באַשטייט טאַקע אין דעם, וואָס ווי יעקב אבינו האָט געזאָגט: „אם יבוא עשו אל המחנה האחת והכהו, והיה המחנה הנשאר לפליטה״ (בראשית ל״ב, ט). — „אויב עשו וועט קומען און וועט אומבריינגען איין מחנה, וועט כאָטש די צווייטע מחנה בלייבען״. און מעשה אבות סימן לבנים, וואָס עס האָט פאַסירט מיט אונ־זערע אבות, געשעהט אויך מיט אונז. ווען איין מחנה ווערט צעשלאָגען, קומט אויף און ראַטעוועט זיך אַ צווייטע אידישע מחנה. נאָך דעם חורבן פון די אידישע ישובים אין די ראָמאַנישע פעלקער (שפּאַניע, פראַנקרייך, איטאַליע), האָט זיך צעבליט דער אידישער ישוב און אידישע תורה׳דיגע שאַ־פונג אין דייטשלאַנד. נאָכ׳ן חורבן דייטשלאַנד, איז אויפגעקומען און האָט זיך צעבליהט דער אידי־שער ישוב אין פוילען. און אין אונזער צייט, ווען דער היטלער־חלף איז אויסגעשטרעקט אויף די אידישע העלזער אין צענטראַל, מזרח און מערב־

איירָאָפּע, איז געבליבען דער אידישער קיבוץ אין אַמעריקע גאַנץ און אומבאַריהרט, ב״ה. אָבער שוין מיט דעם פאַקט אַליין, וואָס מיר – די אידען אין אַמעריקע – דאַרפען ווערען די „המחנה הנשאר לפליטה״, לייגט אויף אונז אַרויף אַ סך פאַרפליכטונגען, אַ גרויסע אחריות, אַ שווערע היסטאָרישע פאַראַנטוואָרטליכקייט.

די אידען אין אַמעריקע לעבען אין דעם געבענשטען לאַנד, אין די פאַראייניגטע שטאַטען. אונזער מאַטעריעלער מצב איז ב״ה אַ גוטער. די אידען אין אַמעריקע זיינען גענוג וואַך צו די אידישע ליידען אויף יענער זייט ים. די אַמעריקאַנער אידען גיבען און וועלען אי״ה געבען פינאַנציעלע הילף די געטראָפענע פון גרויסען פאָלקס־אומגליק אין איירָאָפּע. אָבער דאָס איז ווייט ניט־גענוג. אונזערע גרויסע תורה־צענטערען זיינען אויפגעטרייסעלט. אונזערע ברידער אין איירָאָפּע ראַנגלען זיך ממש מיט׳ן טויט, פיזישען און גייסטיגען. די פינאַנציעלע שטיצע וועט לינדערען פיל־ווייניג די מאַטעריעלע נויט. אָבער אונזער אויפגאַבע איז אַ פיעל גרעסערע, אַ סך מעהר וויכטיגערע. מיר מוזען זיי געבען אויך און טאַקע בעיקר גייסטיגע שטיצע, כדי צו שטאַרקען די קעמפענדע ברידער אונזערע אויפ׳ן ביטערען און צער־פולען פראָנט פון קיום־היהדות, זיי זאָלען קענען אַריבערטראָגען

מיט גייסטיגען שטאָלץ און מוטה די שרעקליכע מלחמה, וואָס די רשעים פון דער וועלט פיהרען מיט זיי. מיר מוזען שטאַרקען זייערע הענט אַזוי, אַז זיי זאָלען, חס ושלום, ניט צעבראָכען ווערען גייסטיג.

ווי אַזוי־זשע קענען מיר זיי געבען גייסטיגע הילף? אויף אָט־דער פראַגע איז פאַראַן בלויז איין תשובה: מיר מוזען זיך אַליין אויפהויבען גייס־טיג. מיר מוזען איבערנעמען און אַליין ווערען די קולטור־טרעגער פון אונזער גייסטיגער ירושה. מיר מוזען זי מאַכען פאַר אונזער אייגענס. מיר מוזען זיך איינלעבען מיט אידישקייט, זיך באַהעפ־טען מיט די פרינציפען און יסודות פון דער אידי־שער תורה, כדי מיר זאָלען שטייגען אויף אַזאַ גייסטיגער הויך, אַז מיר זאָלען אומשטאַנד זיין צו העלפען די אידען אין איראָפּע אין זייער שרעק־ליכען קאַמף געגען די בייזע כחות־הטומאה, וואָס פאַרפלייצען איצט די וועלט.

## ג.

## ווי איז די לאַגע אין אַמעריקע היינט־צו־טאָג?
## דעם אידישען קיבוץ פעלט אַ יסוד

עס איז געגוג אַ קוק צו טאָן אַ ביסעל טיפער אויפ'ן אידישען מצב אין אונזער לאַנד, כדי פעסט־צושטעלען, אַז מיט גשמיות זיינען מיר ג־ט צו פאַרדאַנקען באַזאָרגט. דער קערפּערליכער און פינאַנציעלער צושטאַנד איז ב"ה אַ גלענצענדער. אַנדערש איז אָבער דער גייסטיגער מצב. אַלעס וואָס ווערט געטהאָן פאַר'ן גייסטיגען לעבען, איז געבויט אויף זאַמד, אָהן אַ פונדאַמענט. דער ווילען פון פאָלק איז ניטאָ. נאָך ערגער: מען זעהט ניט דעם אינוועניקסטען געדראַנג, די גרויסע באַדער־פעניש, וואָס יעדער יחיד זאָל פיהלען צו אידיש־קייט, צו גייסטיגער השלמה און גייסטיגען וואוקס. דער ברייטער עולם איז גלייכגילטיג צו די אַלע פראַגען. דעם איינצעלנעם אידען פעלט גאָרניט און ער דאַרף גאָרניט. אויב עס ווערט עפּעס אפילו יאָ געטהאָן – אַפּעלירט עס אָבער ניט צום יחיד, עס שמידט איהם ניט צו, עס לאָזט איהם קאַלט.

ד.

## די באַדייטונג פון דעם יחיד אין אידישקייט

דער יסוד פון אידישקייט איז דער יחיד. ער איז דער טרעגער פון די מצוות און מעשים טובים. ער טראָגט די אידעאַלען פון אונזער אמונה, די מאָ־ראַלע אויסלייטערונג פון אונזער תורה.

פאַר דער תורה עקזיסטירט ניט דער כלל, נאָר דער פּרט. ניט דאָס פאָלק, נאָר דער יחיד. מערסטע געבאָטען פון דער תורה זיינען געגעבען געוואָרען בלשון „אתה" — „דו". „דו זאָלסט ניט גנב'ענען, דו זאָלסט ניט רויבען, דו זאָלסט ליב האָבען דיין חבר, ווי זיך אַליין". אַלץ בלשון „דו". אפילו דער מאמר חז"ל: „כל ישראל עריבין זה לזה" (אַלע אידען זיינען פאַראנטוואָרטליך איינער פאַר דעם אַנדערען), — מיינט, אַז יעדער בן־ישראל איז פאַר־אַנטוואָרטליך פאַר יעדען איינעם אידען. דער יחיד פאַר'ן יחיד. דאָס אידישע פאָלק, לויט דער תורה, ווערט צעזאַמענגעשטעלט פון דער צענויפ־גיסונג פון אַלע יחידים. „אין בכלל אלא מה שבפרט" — דער כלל באַזיצט נאָר דאָס, וואָס מיר געפינען אין פּרט. אָהן יחיד איז ניט מעגליך קיין אידישקייט אין גייסט פון דער תורה.

אָט־דער תורה־פּרינציפּ פון ווענדען זיך צום יחיד איז אונז מחייב, — אויב מיר ווילען האָבען אַ

יסוד, אַ פונדאַמענט פאַר'ן אידישען לעבען אין דאָ אין לאַנד, אין די פאַראייניגטע שטאַטען, — פריהער פון אַלץ זיך דערשלאַגען צום יחיד, איהם געווינען, איהם אַריינציהען אין דעם קרייז פון אי־דישקייט. מיר מוזען בויען פון אונטען אַרויף, ניט פון אויבען אַראָפּ. מיר מוזען ערציהען אַזאַ יחיד, וואָס זאָל זוכען, זאָל פאָדערען ס'אידישע לעבען; אַ יחיד, וואָס זאָל פילען, אַז אידישקייט איז איהם נויטיג, ווי לופט צום אָטעמען. נאָר דעמאָלט וועט־לען מיר קענען זאָגען, אַז מיר האָבען אַן אמת'ן אידישען קיבוץ אין אַמעריקע, וואָס איז ראוי צו זיין דער טרעגער און יורש פון אַלע אידישע ווערטען, פון דער רייכער אידישער תורה־קולטור, און וואָס זאָל ווייטער שפּינען דעם פאָדעם פון די הויכע מאָ־ראַלע ווערטען פון אונזער אמונה.

גראָד אָבער האָט מען ביי אונז דעם יחיד, דעם איינצעלנעם אידען אינגאַנצען פאַרנאַכלעסיגט. דער אינדיווידועלער איד איז אינגאַנצען פאַרזעהן געוואָרען. קיינער זאָרגט זיך ניט וועגען איהם און איז ניט פאַראינטערעסירט אין איהם פערזענליך. ביי אונז קומט מען צום יחיד נאָר ווען מען דאַרף ביי איהם עטוואָס אַרויסקריגען. דער יחיד ווערט ביי אונז אויסגענוצט, אָבער באַמיהען זיך וועגען דעם, אַז דער יחיד זאָל עפּעס באַקומען, מען זאָל איהם עפּעס געבען, דאָס געהער צו די זאַכען פון מאן דכר שמם.

ה.

## וואָס טהוען די שוהלען פאַר'ן יחיד און וואָס לערנען איהם די דרשות?

די שוהלען זיינען געווען דורות־לאַנג אידישע ערציהונגס־אַנשטאַלטען. דאָס זיינען אונזערע ציון'ס וירושלים'ס אין גרויסען און לאַנגען גלות־וועג, אונזערע בתי מקדש פון אַלע מאָל און פון אַלע צייטען. דער איד האָט דאָרטען אימער געשעפּט גייסטיגע קראַפט און קדושה. די שוהלען זיינען ביי אונז אין לאַנד מגולגל געוואָרען אין „סענ־טער'ס", אין טעמפּלען, אין חברות. דער „שינוי השם", דער געענדערטער נאָמען האָט צו קיין גוטס ניט געבראַכט. די שוהלען זיינען געוואָרען ערטער, „וואוהין מען באַלאַנגט און מען צאָהלט דיוס". די מעהרהייט שוהלען זיינען ניט מעהר ווי „לאדזשעס", קלובען, וואו מען באַזאָרגט מיט „קרקע", בענעפיטס. און אין נאָך ערגערע פאַלען זיינען די שוהלען פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין פּלעצער, וואו „מ'קען פאַרברייננגען" און פאַרוויי־לען זיך. עס ווערט דאָרט אָבער כמעט גאָר ניט געטהאָן פאַר דער גייסטיגער ערציהונג פון דעם יחיד, איהם צו ווייזען דעם אמת'ן אידישען וועג, און העלפען איהם זיך צו פאַרפאָלקאָמען אין אָט־דער הינזיכט.

ו.

## די דרשות

עס איז קיינמאָל ניט געווען אַזאַ הצלחה ביי אידען אויפ׳ן געביט פון דער רעדנער־קונסט, ווי ביי אונז אין לאַנד, אין די פאַראייניגטע שטאַטען. רעדנעריי אין אַמעריקע איז געוואָרען אַ גרויסער פאַקטאָר אין לעבען. עס האָט געקענט ווערען פאַר אונז אַ גרויסע ברכה והצלחה, אָבער עס איז, צום באַדויערען, ניט געוואָרען. מערקווירדיג, אין די אַלע דרשות, לעקטשור׳ס, פאָרטראַגען און רעדעס ווערט דער יחיד זעהר ווייניג גענומען אין באַטראַכט. די רעדנער באַמיהען זיך ניט און זו־כען ניט צו לערנען און אָנווייזען דעם יחיד דעם ריכטיגען וועג פון אידישען לעבען, כדי צו זיין גוטע אידען. די טעמע פון די מעהרסטע דרשות און פאָרטראַגען זיינען אָדער אַלגעמיינע, וואָס ריהרען קיינעם ניט אָן ספּעציעל, אָדער „נאַציאָ־נאַלע״, וואָס באַטאָנען שטענדיג אָדער די גרויס־קייט פון אידישען פאָלק בעבר ובעתיד, אָדער „שנאת העמים״, וואָס האָט ניט קיין גרענעץ. דאָס הייסט, אַלץ אַלגעמיינע טעמעס. קיינער באַמיהט זיך אָבער ניט צו באַהאַנדלען אַן ענין, וואָס האָט אַ דירעקטע און אינטימע שייכות צום פּשוט׳ן אידען, צום „אידען פון אַ גאַנץ יאָהר״, מיט זיינע

טאָג־טעגליכע דאגות און זאָרגען. ביי אונז איז „העיקר חסר מן הספר".

ז.

## וואָס מיינט אַ גרויס פאָלק?

מיר אַלע ריידען, אָדער מיר הערען ריידען וועגען דער גרויסקייט אונזערער אַמאָל און וועגען די האָפענונגען אויף דער צוקונפט. אָבער קיינער שטעלט זיך ניט די פראַגע, וואו איז דאָס גרויסע פאָלק איצט? וועלען מיר זיך באַגנוגענען נאָר מיט דעם אַמאָל, מיט דעם באַוואוסטזיין פון אַמאָליגער גרויסקייט? אָדער קענען מיר האָפען צו בויען אַ צוקונפט, צו זעהן פאַר זיך אַ גרויסען אידישען עתיד אָהן אַ געגענוואַרט, אָהן אַ גרויסען אידישען פאָלק בהוה?

דער פרינציפּ פון אידישקייט איז: „והייתם קדושים" — איהר זאָלט זיין הייליגע, אין יעדער מינוט, אין יעדער רגע, אין יעדען געשיכטליכען מאָמענט.

ח.

## פאָלקס־באַגריף ביי אידען: הייליגקייט און אמת׳ע דערהויבענקייט

דאָ קומען מיר צו אַ גרונט־אונטערשייד אין דער אויפפאַסונג פון דעם באַגריף פאָלק ביי אי־דען און ניט־אידען — די אומות העולם.
ביי אידען איז דאָס פאָלק נאָר דעמאָלט גרויס און הייליג, ווען די יחידים, די איינצעלנע מיט־גלידער פון פאָלק זיינען גרויס און הייליג. דאָס הייליגע פאָלק איז דער סכום פון די הייליגע יחידים. אויב, חלילה, די יחידים זיינען פאַר־גרעבט און זינדיג — קען שוין ממילא דאָס גאַנצע פאָלק ניט זיין הייליג. ממילא איז ביי אונז דער באַגריף פאָלק ניט קיין אָפּגאָט, קיין עבודה־זרה. מיר באַמיהען זיך צו דערהויבען צו קדושה יעדען יחיד, יעדען גליד פון אונזער פאָלקס־קערפּער, און ממילא ווערט דאָס פאָלק אין זיין געמיינזאַמ־קייט אַן עם קדוש, אַ „גוי אחד בארץ״.

## ט.

## פאָלקס-באַגריף ביי די אומות-העולם: טומאה, עבודה-זרה און רציחה

אַנדערש איז דער באַגריף פאָלק ביי די אומות העולם. זיי האָבען זיך געשאַפען אַן אָפּ-גאָט אַזאַ, וואָס רופט זיך פאָלק, שטאַאַט, געזעל-שאַפט. דער יחיד איז גאָר ניט, די געזעלשפט איז אַלץ. ממילא, מעג דער יחיד זיין פאַרדאָרבען, ער מעג רויבען, אומברייינגען מענשליכע לעבענס אין נאָמען פון דער עבודה-זרה — דעם פאָלק, דעם שטאַאַט, דער געזעלשאַפט. דאָס איז דער פאַרדאָרבערנער הינטערגרונט פאַר די „מעשים-תעתועים" פון די „וועלט-עמלקים", די נאַציסטען, פאַשיסטען און קאָמוניסטען. זיי דינען צו דער עבודה-זרה פון „פאָלק" און עס גיט זיי אַ היתר אויף עובר צו זיין אַלע עבירות פון דער וועלט און זיי האַלטען זיך נאָך פאַר „הייליגע" אויך. „עושים מעשי זמרי ומבקשים שכר כפינחס".

„לא כאלה חלק יעקב" — אונזער איינשטע-לונג איז פונקט אַ פאַרקערטע. קדושה גייט פון אונטען צו אויבען, פון פרט צום כלל, פון יחיד צום רבים. אַזוי האָט משה רבינו, דער גרינדער און בויער פון אידישען פאָלק, וועלכער האָט דאָס

אידישע פאָלק געליבט מיט אַלע זיינע רמ״ח איברים ושס״ה גידין און איז גרייט געווען זיך מוסר נפש זיין פאַר׳ן פאָלק, דאָך האָט ער זיך ניט אָפּגעהאַלטען פון אויסשרייען און רופען צו די אידען: „עם נבל ולא חכם״ (דברים ל״ב, ו — אַ שלעכט פאָלק און ניט קיין קלוגע), וויבאַלד די אידען האָבען געזינדיגט. ישעי׳ הנביא, דער אי־דישער טרייסטער, רופט אויס מיט צאָרען און ביטערען פאַרדרוס: „הוי גוי חוטא, עם כבד עון״ (ישעי׳ א׳, ד — וועה, אַ זינדיג פאָלק, אַ פאָלק באַ־לאָדען מיט אומרעכט).

## י.

## די זינד פון אידען איז מסוגל צו פאַראומרייניגען די קדושת ארץ ישראל

ניט נאָר איז די קדושה פון פאָלק אָפּהענגיק פון די מעשים פון די יחידים, וואָס גייען אַריין אין זיין באַשטאַנד, נאָר אפילו נאָך מעהר, די קדושה פון לאַנד איז אויך אָפּהענגיג פון דער אויפפיהרונג פון זיינע איינוואוינער. ארץ ישראל איז הייליג נאָר דעמאָלט, אויב די אידען, וואָס באַוואוינען דאָס לאַנד, פיהרען זיך אויף בקדושה וטהרה. אויב אָבער די מעשים פון די אידען זיי־

נען שלעכטע, אומריינע, אומאַנשטענדיגע — ווערט די הייליגקייט פון ארץ ישראל דערמיט פאַרשוועכט. „ותבאו ותטמאו את ארצי, ואת נחלתי שמתם לתועבה" (ירמי' ב', ז — און איהר זייט געקומען און איהר האָט פאַראומרייניגט מיין לאַנד און מיין נחלה האָט איהר מיר פאַראומוויר־דיגט) — שרייט דער נביא אין נאָמען פון ג־ט.

אפילו דער בית המקדש, די קרוין און קדשי קדשים פון פאָלק, ווערט אָן זיין קדושה, אויב די יחידים, וואָס קומען אַהין, גייען ניט בדרך הישר, אין די וועגען פון ג־ט. דער נביא ירמי' יאָמערט און שרייט ביטערליך: „המערת פריצים היה הבית הזה" (ירמי' ז', יא — איז דען דאָס הויז גע־וואָרען אַ פאַרברעכער־באַהעלטעניש).

על כן, סיי דאָס פאָלק, סיי ארץ ישראל און סיי דער בית המקדש ווערט ביי אונז, אין דער אויפפאַסונג פון דער אידישער תורה, געגרייסט און געהייליגט דורך די מעשים טובים פון די יחידים, פון וועלכע דאָס פאָלקס־געמיינשאַפט ווערט צו־זאַמענגעשטעלט. און וחוזר חלילה. די מעשים פון די יחידים קענען אַוועקרויבען די קדושה פון אַלע אונזערע הייליגטימער. און דעריבער מוזען מיר זיך אַ ווײַלע אָפּקערען פון די אַלע קלינגענדע דרשות און טאָהן אַ טיפערען בליק אין דעם פּאַק־טישען לעבען פון אונזערע יחידים, דאָ אין אַמע־

ריקע. וואָס זיינען זייערע אידעאַלען און מיט וואָס פאַרנעמען זיי זיך?

## יא.

## דער עגל הזהב און זיינע רעזולטאַטען גייסטיג און קערפּערליך

עס איז גענוג צו וואַרפען אַן אויבענאויפיגען בליק אויף אונזער מחנה ישראל, כדי אויסצושרייען, צוזאַמען מיט׳ן נביא ירמי׳: „צאן אובדות היו עמי״ (ירמי׳ נ׳, ו — פאַרלוירענע און פאַרלאָזענע שאָף זיינען אידען). יעדערער איז פאַרטהאָן און פאַרהאַוועט צו געפינען פאַר זיך אַ שטיקעל תכלית. און דער דאָזיגער תכלית איז — געלד, קאַריערע, פּלעזשור און אַ ביסעלע כבוד. קאַריערע — צו דעם בוקט מען זיך מיט דער האָפנונג צו קריגען דורך דעם אַ ביסעל געלט, כדי מען זאָל קענען „האָבען פּלעזשור״. און צום „פּלעזשור״ דינט מען טאָג און נאַכט. אָט־די דערמאָנטע פינסטערע כחות ליידיגען אויס פון אידישע הערצער די אַלע גוטע, הויכע און הייליגע מדות, וואָס דאַרפען דערהויבען, באַשיינען און געבען דעם לעבען אַן אָטעם, אַן אָנהאַלט, אַ שטיקעל אחיזה.

אָט־די פינסטערע כחות פילען אָן מיט קנאה, שנאה און תאוה דעם אידישען מענשען און שוואַכען אָפּ דעם גרעסטען יסוד פון אידישען לעבען – די „אמונה טהורה״ – דעם ריינעם הייליגען גלויבען און בטחון.

דערפון קומט אַרויס, אַז פריינדשאַפט צווישען מענשען פאַרלאָזט דעם אָרט פאַר שפּליטערונג, נאָהענטע ווערען ווייט, פריינד ווערען פיינט.

אויף אַלע פאַרזאַמלונגען רופט מען זיך ברודער אָדער חבר, אָבער עס איז ניטאָ קיין ברודערשאַפט און קיין חבר'שאַפט. עס זיינען נאָר ווערטער אויסגעליידיגטע פון יעדען אינהאַלט.

און פונקט ווי די גייסטיגע ווערטען האָבען פאַרלוירען זייער אינהאַלט און באַדייט, אַזוי ווערען אויך פאַרטיליגט און אָפּגעשוואַכט די קערפּערס דורכ'ן „הב־הב״ לעבען, און ווען די פאַלשע געטער, אַנטוישטע האָפנונגען ליגען צעבראָכענע אונטער די פיס, קומען אַלס רעזולטאַט דערפון אמת'ע און פאַלשע — איינגערעדטע — קראַנקהייטען. די נשמה־אומרוהיגקייט ברייגנט אָפּט צו אַ נערוועןצערודערונג. ניט אומזיסט באַגעגענען מיר אין אַמעריקע אַזאַ אָפּטע שטערבליכקייט פון האַרץשלאַג, וואָס אין דער אַלטער היים האָבען מיר דערפון כמעט ווי ניט געוואוסט.

ניט נאָר זיינען אָפּגעשוואַכט געוואָרען די

פעדים, וואָס בינדען צו מענש צו מענש אין דער ברייטער עפענטליכקייט, נאָר די עלענדקייט פיהלט זיך שוין אויך אין די היימען, און אַ קאַלט־קייט האָט זיך אַריינגע׳גנב׳עט אויך צווישען נאָ־הענטע קרובים און פריינד, וואָס זיינען צווישען זיך פאַרבונדען מיט אַ בלוט־פאַרוואַנדשאַפט. אויסגע־לאָשען זיינען געוואָרען אַלע פייערען און אַלע ליכט וואָס פלעגען באַלייכטען און וואַרעמען אידישע הערצער.

און כדי צו פאַרשטיקען די פוסטקייט און פאַר־טומלען די אינוועניגסטע ליידיגקייט און קעלט, — כאַפּט מען זיך צו די קאָרטען. מען שפּילט ביחידות און מען שפּילט בציבור. מען שפּילט אין די שוהלען און מען שפּילט אין די היימען. עס שפּילען מענער און עס שפּילען פרויען. עס שפּי־לען יונגע און עס שפּילען אַלטע. מען שפּילט בייטאָג און מען שפּילט ביינאַכט.

## יב.

## דער יונגער אידישער דור

גרויס איז דער צער און נאָך גרעסער איז דער ווייטאָג, זעהענדיג דעם צושטאַנד פון דעם יונגען דור, וואָס וואַקסט אויס אין אָט־דעם תהו ובהו,

אויסגעוואָרצעלטע פון אידישען גאָרטען. זיי וואַל־גערען זיך אַרום אויף אַלע וועגען אין מיסט און אין בלאָטע. „תשתפכנה אבני קדש בראש כל חוצות" (איכה ד׳, א — עס וואַלגערען זיך די הייליגע שטיינער איבער אַלע גאַסען).

און פיעל אידישע היימען און זייערע משפחות זיינען צעבראָכען, דאָס לעבען האָט פאַרלוירען זיין חן, זיין צויבער און פראַכט. און יעדערער טראָגט זיין ווייטאג באַזונדער און ווערט צעדריקט פון די צרות.

און עס געפינט זיך ניט קיינער, וואָס זאָל זיך פאַראינטערעסירען מיט דעם לעבען פון די מיליאָנען אידישע יחידים, וואָס זאָל דורכווייטאָגען זייער צער און פיין און זאָל עפענען פאַר זיי די קוואַלען פון אמת׳ער אידישקייט, און זאַל זיי ווייזען דעם ריכטיגען וועג, וואָס קען זיי באמת ברייננגען גליק און צופרידענהייט און אויסלייזען זיי אַזוי אַרום פון זייער עלענדקייט און פאַרלוירענקייט.

אָט־דאָס פאַרקוקען, פאַרזעהן דעם יחיד האָט געבראַכט צו דער גלייכגילטיגקייט צו אַלעס, וואָס האָט צו טהאָן מיט אידישקייט. און אויב עס ווערט שוין אַמאָל עפּעס יאָ אונטערגענומען און געטהאָן — איז עס אָהן אַ מעוף, אָהן התלהבות און אָהן יסוד, ווייל מען שניידט וואָס מען זייט, און מען נעמט וואָס מען גיט.

## יג.

## דער חוב פון דער שעה

דער חוב פון דער שעה איז צו אינטערעסירען זיך מעהר מיט די יחידים און קלאָר צו מאַכען פאַר זיי די באַגריפען פון אמת׳ער אידישקייט.

## יד.

## וואָס איז אמת׳ע אידישקייט?

וואָס איז די אמת׳ע אידישקייט און וואָס לערענט זי אונז — דאָס איז אַ גרונט־פראַגע, אויף וועלכער מיר מוזען געבען אַ קלאָרע תשובה. באַזונדערס איז עס נויטיג צו טהאָן אין דער איצטיגער צייט, ווען די קעפּ זיינען פאַרטומעלט פון פאַרשיידענע טעאָריעס און פאַלשע לעהרעס.

## טו.

## פאַלשע אידישקייט

אַז מען רעדט וועגען אידישקייט, דאַרף מען באַהאַנדלען די ניי־אַנטשטאַנענע באַוועגונגען צווישען אידען. די דאָזיגע באַוועגונגען רופען זיך נאַציאָנאַל־וועלטליכע. צווישען זיי גופא דאַרף מען

פאַרנאַנדערשיידען צוויי מינים: „די קולטוריס־טען" און די „פאָלק, לאַנד און שפּראַך" נאַציאָנאַ־נאַליסטען.

## טז.

## די „קולטוריסטען"

די „קולטוריסטען", אידישיסטען, סאָציאַליס־טען וכדומה איסטען ריידען זיך איין, אַז מען קען בלייבען אַ איד בלויז מיט דעם, וואָס מען רעדט אידיש, מען שרייבט אידיש און מען לייענט אַ אי־דיש ביכעל. זיי האָבען אויסגעפונען אַזעלכע קלינגענדיגע נעמען, ווי „פאָלקס־געניוס", „פאָלקס שאַפונג" און ווילען דערמיט פאַרדעקען זייער אינ־ווענינגסטע פוסטקייט און אויסגעליידיגטקייט. דער יסוד זייערער איז דורכאויסיגע כפירה און אַטע־איזם. זיי פאַרשטייען ניט, אָדער זיי מאַכען זיך ניט פאַרשטיין, אַז אידישקייט מיינט — און דאָס איז פון סאַמע אָנהויב, פון סאַמע געבורט פון אידען אַלס פאָלק, — „אנכי ד'" — איך בין ג־ט — און „שמע ישראל ה' אלקינו ה' אחד" — הער איד, גאָט אונזער ג־ט איז אַן איינציגער ג־ט. — אידישקייט איז אין איהר גאַנצען געשיכטליכען וועג פאַר־בונדען מיט דעם אמונה־באַגריף. סיי בעת אידען

זיינען געזעסען אין זייער לאַנד און סיי אין דעם לאַנגען גלות־וועג, האָבען אידען זיך איינגעהאַל־טען ווי אַ פאָלק נאָר אַ דאַנק דער אמונה.

אידען האָבען קיינמאָל און אין ערגעץ ניט אַרויסגעוויזען קיין באַזונדער צוגעבונדענקייט צו אַ וועלכער ניט איז שפּראַך. אפילו די הייליגע שפּראַך פון דער תורה האָבען אידען אויפגעהערט צו באַנוצען אין זייער טאָג־טעגליכען לעבען. זיי האָבען זי, אמת, אָפּגעהיט אין זייערע תפילות און בעת לערנען די תורה. און דאָס אויך ניט פון חיוב, נאָר פון רצון. אונזערע חז״ל זאָגען, אַז קריאת שמע מעג מען זאָגען אין יעדער שפּראַך, וואָס מען פאַרשטייט. („שמע — בכל לשון שאתה שומע״). אויב אין שול און אין קלויז האָבען נאָך אידען ווי עס איז אויפגעהיט אונזער הייליגע תורה־שפּראַך — לשון הקודש — האָבען זיי אָבער אין גאַס שטענדיג באַנוצט אַן אַנדער אומגאַנגס־שפּראַך, ווי אַראַמיש, שפּאַניש, דייטש און אין אונזער צייט אידיש, רוסיש, פראַנצוי־זיש, ענגליש, פויליש און נאָך און נאָך. ניט די שפּראַך און ניט דער „פאָלקס־געניוס״, אָדער „פאָלקס־שאַפען״ האָט אויפגעהיט אידען פון אונ־טערגאַנג, נאָר די אמונה; און זי בלויז איז אונז בייגעשטאַנען, אַז מיר זאָלען בלייבען אידען. די גרויסע אידעע פון „אנכי״ האָט אונז געהאָלפען

אויסצושטיין אַלע צרות, רדיפות און גזירות און דאָך בלייבען אַן אויסגעשפּראָכען־בולט׳ע פאָלקס־געזאַמטקייט – אידען. די קולטוריסטען, וועמענס יסוד איז כפירה, איז פונקט דער היפך, ממש דער געגענזאַץ פון אידישקייט.

## יז.

## די „פאָלק, לאַנד און שפּראַך" נאַציאָנאַליסטען

די צווייטע גרופּע – „די פאָלק, לאַנד און שפּראַך" נאַציאָנאַליסטען זיינען פּונקט אַזוי ווייט פון דער אמת׳ער אידישקייט. די גאַנצע אידעע פון „לאָמיר זיין ווי אַלע פעלקער" איז דורכאויס ניט־אידיש. ס׳פאָלק ווערט ביי זיי דערהויבען צו אַן עבודה זרה. זיי גלייכען זיך אויס אין פיל הינזיכ־טען, להבדיל, מיט די נאַצי־פאַשיסטישע און קאָ־מוניסטישע עבודה־זרה געדאַנקען, וואָס פאַרהייליגען דעם קאָלעקטיוו, פאָלק און שטאַאַט. צו וואָס דאָס פיהרט זעהען מיר היינט מיט אונזערע אויגען – צו טייכען פאַרגאָסען בלוט, ימים מענשליכע טרערען און אָהן אַ שיעור יסורים, פּיין, אומגליק און בראָך.

בנוגע ווידער די קדושת הארץ האָבען מיר שוין פריהער דערמאָנט, אַז די הייליגקייט פון דעם לאַנד איז איינג פאַרבונדען ביי אידען מיט דער

הייליגקייט פון די מענשען, וואָס באַוואוינען דאָס לאַנד, און אַז אויב די אידען, וואָס זיצען אין דעם לאַנד, פיהרען זיך ניט אויף אידיש, ווערט דאָס לאַנד, חלילה, טמא צוליעב זיי.

היוצא לנו מדברינו, אַז סיי די ניי־ערפונדענע קולטור־אידישקייט און סיי די נאַציאָנאַלע אידישקייט זיינען געשאַפען געוואָרען פון פאַלשע נביאים און האָבען מיט אמת'ער אידישקייט קיין שום שייכות ניט.

## יח.

## אמונה דער יסוד פון אידישקייט

אמונה — דאָס איז דער פונדאַמענט פון אידישקייט. מיט דער אמונה פון ג־ט דעם איין און איינציגען איז אידישקייט געבוירען געוואָרען. אָט־די אמונה איז געוואָרען דער אויסדרוק פון אמת'ן און ניט געפעלשטען אידישען „פאָלקס־געניוס". דאָס איז געווען דער גאַנצער אידישער אויפטהו פאַר דער וועלט. אָט־דער געדאַנק גייט דורך ווי אַ שנור דורך דער גאַנצער תורה שבכתב ושבעל־פה.

די אמונה איז ביי אידען אין אַלע צייטען באַטראַכט געוואָרען ווי דער עיקר העיקרים פון אידישקייט. פאַר אונזער אמונה האָבען מיר געלעבט און געקעמפט, געגאַנגען אויף שייטער־הויפענס,

אומגעקומען אויף קידוש־השם מיט'ן איינציגען אויסגעשריי: „שמע ישראל״. און דערפאַר טאַקע האָט מען ביי אונז תמיד געזוכט צו לערנען די תורה, די עיקרים פון אונזער אמונה, כדי צו גיין צום מקור פון אַלע אונזערע לעבענס־קוואַלען.

מען האָט זיך באַמיהט צו פאַרטיעפען וואָס מעהר אין דעם אמונה־באַגריף, ווייל וואָס טיעפער און ברייטער דער אמונה־באַגריף ווערט פאַרשטאַנען — אַלץ מעהר דערהויבען ווערט דער מענש, אַלץ שעהנער, בעסער און הייליגער ווערט ער.

די אַלטע און שטענדיג־נייע „באַרג סיני אי־דישקייט״, וואָס איהרע וואָרצלען זיינען „אנכי, ולא יהיה לך״, מיט איהר צעוואָקסענעם בוים און שטאַרקע צווייגען פון תורה שבכתב און תורה שבעל פה, האָט נאָך גענוג ענערגיע און יוגענד־קראַפט אַריינצוגעבען לעבען אין די אויסגעטרי־קענטע ביינער, זיי באַפרישען און דערמונטערען, ברייגנען זיי לתחיה. די אמת'ע אמונה־אידישקייט האָט נאָך גענוג חיות און זאַפט, אַז זי זאָל קענען אויפוועקען דאָס אידיש האַרץ. מען דאַרף נאָר אָט־די אמונה־אידישקייט ריכטיג פאַרשטיין, ערענסט לערנען און שטודירען — און מיר וועלען דערפיהלען דעם רוח־חיים, וואָס איז אין איהר פאַרהאַן אויף שטאַרקען אונז אין אונזער איצטיגער ביטערער און סכנות־פולער צייט.

## יט.

## די וועגען פון אידישער חקירה און אמונה

די אמת־טרייע אידישע פאָרשער האָבען קיינ־מאָל ניט געלאָזט זיך אויף די גליטשיגע וועגען פון פאָרשען דעם עצם מהות פון ג־ט. אונזערע חכמים האָבען גוט־פאַרשטאַנען, אַז דעם כביכול איז ניט מעגליך משיג צו זיין. פאַר זייערע אויגען איז גע־שטאַנען דער פסוק: „כי לא יראני האדם וחי" (שמות ל"ג, כ) — אַ מענש קען מיך ניט באַגרייפען, כל זמן ער לעבט. אונזערע חכמים האָבען זיך דע־ריבער פאַרטיעפט און געלערענט זיין „באַשאַף", — די געטליכע בריאה: די כחות וואָס הערשען אין ג־ט'ס וועלטען; די וועגען, מיט וועלכע ג־ט פיהרט זיין בריאה. „מה דודך מדוד היפה בנשים מה דודך מדוד שככה השבעתנו" (שיר השירים ה', ט).

## כ.

## גדלות היצירה

מען האָט געלערענט זיין באַשאַף אום זיך מעהר צו באַקאַנען מיט „אונזער טאַטען אין הי־מעל" און מיט זיינע ריזיגע מיליאָנען וועלטען.

דורך דער פאַרשיידענאַרטיגקייט פון זיין באַשאַף, דורך דער פּרעכטיגקייט פון דער יצירה באַקאָנען מיר זיך מיט „אונזער פאָטער אין הימעל" מיט זיי־נע מיליאָנען וועלטען און אַזוי אַרום פאַרטיפערען מיר אונזערע געדאַנקען, מיר ברייטערען אויס אונזערע האָריזאָנטען און מיר קריעגען אין זיך מוטה און שטאָלץ, וויסענדיג, אַז מיר זיינען קינדער פון דעם גרויסען באַשעפער. „ברכי נפשי את ד׳, אלוהי גדלת מאד" (תהלים ק"ד, א) — מיין נשמה לויבט ג־ט; מיין ג־ט, דו ביסט זעהר גרויס.

זאָגט טאַקע דער מדרש תנחומא, אַז דערפאַר איז די תורה אָנגעהויבען געוואָרען מיט בראשית און ניט מיט החודש הזה לכם, וואָס איז די ערשטע מצוה פון דער תורה, ווייל דער רבונו של עולם האָט געוואָלט ווייזען צו זיין פאָלק דעם כח פון זיין גבורה (תנחומא הקדום, בראשית סימן י"א). און ווירקליך, דער יסוד פון דער געטליכער גבורה — דאָס איז דער יסוד פון דער תורה, די באַזע פאַר אַלע מצוות. בלויז לערנענדיג דעם „כח פון זיין גבורה", קענען מיר קומען צו די גרויסע און הויכע מאָראַלע פּרינציפּען און מענשליכער השלמה, וואָס זיינען פאַרבאָרגען אין די מצוות ומעשים טובים פון דער תורה.

## כא.

## כחות היצירה

מען האָט געלערענט און געפאָרשט די כחות, וואָס הערשען אין דער גרויסער באַשאַפונג, דעם מענש אַריינגערעכענט, כדי מיר זאָלען וויסען און פאַרשטעהן ווי אָפּצעשאַצען דעם גרויסען אויס־נאַהם, וואָס „דער קוואַל פון אַלע כחות" האָט גע־טהאָן מיט אונז. לא די וואָס ער האָט אין אונז אַריינגעגעבען דעם וואונדערליכען „כח הנשמה", דעם אומענדליכען קוואַל פון „חכמה, בינה און דעת", האָט ער נאָך איבערגעלאָזט צו אונז דעם „פרייען ווילען", „די בחירה חפשית", כדי מיר זאָ־לען קענען טהאָן מיט אונזער אייגענעם רצון, וואָס ער וויל. מיט אָט־די אויסערגעוועהנליכע גע־שאַנקען זאָל זיך דער קליינער מענש קענען אויפּ־הויבען צו די גרעסטע הויכקייטען, ביז דער מדרגה פון „ותחסרהו מעט מאלקים".

## כב.

## דרכי היצירה

מען האָט געלערענט זיינע וועגען, כדי מיר זאָלען וויסען, אַז אין דעם באַשאַף און אין די כחות

וואָס באַהערשען זי איז דאָ אַ סיסטעם, אַ סדר, אַ באַשטימטע אָרדנונג, אַ באַשטימטע רעגעלמעסיג־קייט: צדק ומשפט, חסד ורחמים, יושר ואמת, אהבה ושמחה. מיר דאַרפען אָט־די מדות מאַכען פאַר אַ נאָרמע אין אונזער אויפפיהרונג. דאַגעגען דאַרפען מיר זיך אויסהיטען פון די געגענזאַצען, די היפוכים פון אָט־די מדות, ווי אכזריות, שנאה, גאוה, כעס, עצבות און דאָס גלייכען.

אונזערע נביאים האָבען אונז געלערענט, אַז די דרכי היצירה, די וועגען און כחות, מיט וועל־כע גאָט פיהרט זיינע וועלטען, זיינען צדק און יושר. די מענשען וועלכע פאַרברעכען געגען אָט־די צוויי גרונט־פּרינציפּען ווערען באַשטראָפט. די דאָזיגע שטראָף דריקט זיך אויס אין דעם אינערליכען צע־זאַמענברוך פון די גרונט־כחות, וואָס ווירקען אין דער מענשהייט, ווייל אויב דער יחיד איז אינערליך ניט גאַנץ, ווירקט עס אויף דער געזעלשאַפט ווי אַ גאַנצער, ברייגנט צו איהר פאַנאַנדערלייגונג און פיהרט צו איהר צעפאַלונג. די געשיכטע באַ־שטעטיגט פאַלקאָם די ריכטיגקייט פון אָט־דער הנחה און פּרינציפּ.

כג.

## תורה און מצוות דער וועג פון לעבן

דער גרויסער הייליגער בנין פון תורה און מצוות זיינען געבויט אויף די יסודות פון אָט־דער אמונה. די תורה און מצוות לערנען דעם מענשען, דעם יחיד, יעדען איינציגען מענשען באַזונדער דעם וועג פון לעבען. „לא נתנה תורה אלא לצרף בהן את הבריות״ (די תורה איז געגעבען געוואָרען מיט דער איינציגער כוונה צו אויסלייטערען, דער־הויבען די מענשען – ב״ר מ״ד). און אין ויקרא רבה זאָגט דער מדרש אויפ׳ן פסוק: „אמרות ד׳ אמרות טהורות״ – „לטהר את האדם״ (דעם פסוק ג־ט׳ס ווערטער זיינען ריינע רייד — טייטשט דער מדרש — ג־ט׳ס רייד זיינען געגעבען געוואָרען, כדי דורך זיי צו לייטערען, צו דערהויבען, צו ריי־ניגען גייסטיג דעם מענשען). מיר זעהען, אַז סיי די תורה, סיי די נביאים, סיי אונזערע חז״ל האָבען אונז געלערענט און עס פיעל מאָל איבערגע׳חזר׳ט, אַז די תורה און די מצוות זיינען געגעבען געוואָרען, כדי דער מענש זאָל וויסען ווי זיך צוצופּאַסען צו די געטליכע קרעפטען, וואָס הערשען אין דער בריאה. דער ציל איז צו גיין אין ג־ט׳ס וועגען, זיך פאַרפאָלקאָמען און דורך דעם קומען צו דער אַנטוויקלונג פון די אומענדליכע נשמה־כחות, צו

דער באַהעפטונג מיט'ן באַשעפער און צו „נצחיות" (צו אייביגקייט).

„ג־ט'ס מצוות זיינען געגעבען געוואָרען, כדי איינצופלאַנצען צווישען די מענשען ליעבע און פרידליכען צוזאַמענלעבען" (מצוות ד' הם להשכין בין בני אדם אהבה ושלום) — אַזוי זאָגט דער „ספר חסידים" (ז. 956). דער כוזרי זאָגט: „השכינה שורה על אחד מישראל אשר מעשיו טהורים ולבו טהור" (די שכינה רוהט אויף יענעם אידען, וואָס זיין האַרץ איז ריין און זיינע געדאַנקען זיינען ריין — כוזרי, ז. 23).

## כד.

## תורה ומצוות צו העלפען דעם מענשען

פון די אויבענדערמאָנטע עטליכע מאמרים פון אונזערע חז"ל (און אַזעלכע מאמרים קען מען אָנ־ציילען אָהן אַ שיעור) — איז צו זעהן, אַז אונזערע חכמים און געלעהרענטע האָבען אויפגעפאַסט די תורה אין דעם זין, אַז איהר באַשטרעבונג איז צו העלפען דעם מענשען, צו לייטערען זיין גייסט, צו דערהויבען איהם און צו רעגולירען די באַציהונגען צווישען מענש און מענש. ניט צו טהאָן אַ טובה דעם באַשעפער פון אַלע וועלטען זיינען די תורה

ומצוות געגעבען געוואָרען, ווייל ער דאַרף קיין טובות ניט פון קיינעם. „כי אם צדקת מה תתן לו, או מה מידך יקח; ואם חטאת מה תפעל בו" (איוב ל"ה, ו־ז – „אויב דו ביסט אָרענטליך, וואָס פאַר אַ טובה טהוסטו איהם, אָדער וואָס קען ער ביי דיר נעהמען; און אויב דו ביסט זינדיג, וואָס קען עס איהם אָנגיין?") די תורה איז בעיקר געגעבען געוואָרען פאַר די מענשען, זיי אַרויסצוהעלפען, זיי צו לערנען, זיי צו דערהויבען. ממילא איז דערפון געדרונגען, אַז די תורה, געגעבען פון ג־ט דורך משה אויפ'ן באַרג סיני, איז געווען אַ חסד וואָס ג' האָט אונז געטהאָן. ער האָט אונז געלערענט זיינע וועגען. די תורה איז דער קוואַל פאַר דער מענשליכער גוטער אויפפיהרונג, אַ לעבענס־בוך, וואו עס זיינען אַנטפּלעקט געוואָרען די סודות פון דעם גאַנצען באַשאַף און ווי אַזוי דער מענש דאַרף זיך אויפפיהרען, כדי צו זיין גליקליך אין לעבען, כדי צו פיהלען זיך באַהאָפטען מיט'ן קוואַל פון חיות פון דער וועלט, מיט דעם מקור פון ליכט, מיט דעם אַלמעכטיגען בורא־עולם.

## כה.

## רשעות באַצאָהלט זיך אַליין

מיר האָבען ביז איצט גערעדט וועגען די פּאָזיטיווע טעטיגקייטען, וואָס די תורה וואַרפט אַרויף אויף דעם מענשען אין די אינטערעסען פון דעם מענש גופא, דאָס הייסט, וואָס דאַרף דער מֶענש יאַ טהאָן, כדי צו זיין גליקליך אין לעבען. מיר הָאָבען אַרומגערעדט, אַזוי צו זאָגען, די מצוות מעשיות, — די עשה׳ס און לא תעשה׳ס פון דער תורה און זייער באַדייט. דער שכר דערפון איז די באַהעפטונג מיט דעם גרויסען באַשעפער דורך גיין אין זיינע וועגען און דורך אָפּלערנען זיך פון זיינע מדות. יעדע פּאָזיטיווע טעטיגקייט האָט אָבער אַ נעגאַטיווע זייט: וואָס געשעהט, אויב מען האַנדעלט אין אַ פאַרקערטער ריכטונג, ווי די וואָס איז אָנגעוויזען אין דער תורה?

## כו.

## וואָס מיינט דער באַגריף „עונש" ביים פאַרלעצען די געבאָטען פון דער תורה?

מען דאַרף פריהער פון אַלץ אויפקלערען, אַז די אַלגעמיין־פאַרשפּרייטע מיינונג, אַז ג־ט שטראָפט פאַר עובר זיין אויף די מצוות התורה

אַלס אַ מין נקמה־געפּיהל איז דורכאויס נאַאיוו און פאַלש. די אַלע קללות, וואָס מיר געפינען אין דער תוכחה און ביי די נביאים, זיינען ניט קיין נקמה־שטראָפען, וואָס קומען פון „כעס אָדער שנאה". חלילה! אָט־די צוויי באַגריפען האָבען אינגאַנצען ניט צו טהאָן מיט דעם כביכול, מיט זיינע מדות: ניט מיט'ן „דרך היצירה" און ניט מיט די „כחות היצירה". די שטראָף, דער עונש, פונקט ווי שכר, דרינגען אַרויס פון דער עצם מענשליכער האַנדלונג. די זינד גופא בריינגען די שלעכטס. „חטאים תרדף רעה" (משלי י"ג, כא), „ואוי לרשע רע כי גמול ידיו יעשה לו" (ישעי' ג', יא). די זינד גופא באַצאָהלט דעם רשע און אין זיין אומגליק איז דער רשע אַליין שולדיג.

ר' חיים וואָלאָזשינער שרייבט: „די חכמים האָבען געזאָגט: ווער עס זאָגט, אַז ג־ט ברוך הוא איז אַ ותרן, זאָלען איהם פאַרקירצט ווערען זיינע יאָהרען (בבא קמא, דף נ', עמוד א'). איז דאָך אין פלוג קשה, אפילו אַ מענש וואָס איז פרום פיהרט זיך אויף מיט גוטע מדות און רחמים, פאַרוואָס זשע טאָר מען ניט זאָגען אויף ג־ט אָט־די מעלות? דאָס איז דערפאַר ווי מיר האָבען פריהער געזאָגט, אַז שטראָף איז ניט אויפ'ן וועג פון שטראָף און נקמה, חס ושלום, נאָר די שטראָף אַליין בריינגט די שלעכטס; די זינד אַליין איז די שטראָף, ווייל

זינט בריאת העולם האָט ער ברוך הוא איינגע־
שטעלט די סדרים פון וועלט־אויפפיהרונג, אַז זיי
זאָלען זיין אָפּהענגיק פון דער מענשליכער גוטער
אָדער שלעכטער אויפפיהרונג״ (ספר „נפש החיים״,
שער א׳, פ׳ י״ב).

און אין שער ב׳, פ״ח, שרייבט דער זעלבער
מחבר, אַז דער עונש „איז ניט קיין נקמה ח״ו, נאָר
ווי מיר האָבען געזאָגט, דער חטא אַליין איז די
שטראָף, אָט־פונקט ווי אַ מענש זאָל עסען אַ פאַר־
דאָרבענעם מאכל, קען עס איהם פאַרשאָדען, אָדער
ער זאָל אפילו קראַנק ווערען, און אויב עס איז סם,
קען ער זיך פאַר׳סם׳ען און שטאַרבען דערפון; ער
וועט דאַמאָלט אַליין זיין שולדיג פאַר זיין טויט,
ער וועט זיין אַ מתחייב בנפשו, — אויף דעם זעלבי־
גען אופן איז די זינד ביי דער נשמה דער זינדיגער
חס ושלום״.

## כז.

## עונש — נאַטירליכער רעזולטאַט פון דער באַגאַנגענער זינד

מען קען אָט־דעם פאַרגלייך פון ר׳ חיים וואָ־
לאָזשינער ציהען ווייטער און זיך נאָך מעהר קלע־
רער מאַכען דעם באַגריף פון עונש. לאָמיר זיך

פאָרשטעלען אַ קראַנקען, וואָס פאָלגט ניט און פיהרט ניט אויס די פאָרשריפטען פון דאָקטער. די קרענק פאַרערגערט זיך. דער קראַנקער ליידט, לא עלינו, גרויסע יסורים. עס קען אפילו טרעפען, אַז די קרענק זאָל איהם פאַרשלעפען אין קבר אַריין. די שולד — דאָס ניט אויספילען די פאָרשריפטען. די שטראָף — די פאַרערגערונג פון דער קרענק. דער דאָקטער האָט ניט אין דעם פאַל קיין שום שולד און מען קען אַוודאי ניט ריידען וועגען דעם, אַז דער דאָקטער איז זיך נוקם אָן קראַנקען. די קרענק האָט ניט געקריגען קיין געגען־ווירקונג צוליעב דער שולד פון דעם חולה גופא און ממילא איז די קרענק אַוועק מיט איהר אייגענעם, נאַטיר־ליכען וועג און האָט געבראַכט צו די אַלע פאַרוויק־לונגען און אומגליקען. פונקט אַזוי איז מיט רשעות. דאָס ניט־געגענווירקען זי ברייגנט צו פאַ־נאַנדערלייגונג, צו גייסטיגער אויפטרייסלונג, צו אינוועניגסטער פסיכאָלאָגישער צערודערונג און מען פאַרלירט אָפט דעם גלייכגעוויכט. דערפון קומען גייסטיגע ליידען און אָפט אויך פיזישע צרות און אומגליקען און אָפט אַפילו רואין.

די געבאָטען פון דער תורה זיינען די זעלבע געזעצען, מיט וועלכע ג־ט פיהרט זיינע וועלטען. די געזעצען זיינען צדק, משפט, חסד און רחמים. דער וואָס פאַרברעכט געגען אָט־די געבאָטען,

פאַרברעכט ממילא געגען די נאַטור־געזעצען. די שטראָף איז דער נאַטירליכער פועל־יוצא, דער נויטווענדיגער רעזולטאַט פון דער באַגאַנגענער זינד אָדער פאַרברעכען.

## כח.

## פיזישע פאָלגען פון אַ פאַרדאָרבען לעבען

און ווען מיר זאָגען, אַז די שטראָף פאַר דער באַגאַנגענער זינד איז אַ נאַטירליכע, מיינען מיר עס ניט בלויז אין גייסטיגען זינען, נאָר אויך אַ פי־זיאָלאָגיש, קערפערליכע צערודערונג און צעזאַ־מענברעכונג. גייסטיגע אויפטרייסלונגען ברייגען צו פאַרשיידענע אומארדנונגען אין אונזער קער־פער. אַ סך דאָקטוירים האָבען זיך שוין לאַנג גע־שטעלט אויף דעם שטאַנדפונקט, אַז די בעסטע תרופה צו היילען קראַנקהייטען, איז צוגרייטען און באַרוהיגען דעם מענשליכען גייסט, דעם פסיכאָ־לאָגישען צושטאַנד פון דעם מענשען. אַזוי האָט געזאָגט סיר אנדריו קלוירק: „עס איז אוממעגליך פאַר דאָקטוירים צו באַהאַנדלען מיט געניטקייט און חכמה פאַרשיידענע מינים קערפערליכע אויפ־טרייסלונגען, אויב מיר זאָלען ניט בולט און קלאָר זיך אָפּגעבען רעכענונג וועגען דער ווירקונג פון די

פסיכאָלאָגישע צושטאַנדען, וואָס רופען אָפט אַרויס אָט־די קערפּערליכע צושטערונגען, אָדער לכל הפחות ענדערען אָט־די קרענקליכע צושטאַנ־דען פון קערפּער". אַזעלכע ציטאַטען פון באַריהמ־טע מעדיקער וואָלטען מיר געקענט ברייגגען אָהן אַ שיעור. מיר וועלען זיך אָבער דאָ באַגנוגען מיט אַ פאַקט, וואָס עס ברייגגט אַ באַריהמטער דאָקטער פון אונזער צייט – רעסמיוס אלסעקער. ער דער־ציילט, אַז צו איהם איז געקומען אַ קליענט פון פאַך אַן אינזשינער. דער קליענט האָט געליטען אויף אַ מאָגען־קראַנקהייט אין פאַרלויף פון 13 יאָהר. דער קראַנקער האָט ניט געקענט פאַרדייען קיין שום עסען. צוויי ספּעציאַליסטען האָבען איהם געהיילט. זיי האָבען אָבער גאָר ניט געקענט אויפטהאָן, ווייל זיי האָבען ניט געפונען ביי איהם קיין שום סימנים פון אַ וועלכער ניט איז קרענק אין מאָגען. נאָך 13 יאָהר קראַנק זיין, איז דער חולה געקומען צו דאָקטער אלסעקער. נאָכ'ן אונטערזוכען דעם חולה האָט דער דאָקטער אויסגעפונען, אַז די קרענק איז אַן „איינגערעדטע". דער מאָגען איז פולשטענדיג געזונט. דעם אינזשינער דוכט זיך נאָר, אַז ער איז קראַנק. דער דאָקטער אלסעקער האָט דעריבער ניט געהיילט דעם מאָגען, נאָר דעם גייסטיגען צושטאַנד פון זיין פּאַציענט. און עס איז געשעהן אַ וואונדער: נאָך צעהן וואָכען היילונג איז דער

פּאַציענט פולשטענדיג געזונט געוואָרען. ער האָט אָנגעהויבען אַלץ עסען און האָט פאַרגעסען, אַז ער איז ווען עס איז קראַנק געווען. און דאָקטער אַל־סעקער שרייבט: „די מענשען וואָס ריידען זיך איין, אַז זיי זיינען קראַנק, זיינען באמת קראַנק און זייערע אָרגאַנען פאַרהאַלטען זיך אַזוי, פונקט ווי זיי וואָלטען טאַקע באמת געליטען פון דער קרענק וואָס זיי האָבען זיך איינגערדט, אַז זיי ליידען פון איהר. זיי ליידען פון אַ גייסטיגער צערודערונג, און דער גייסט איז אַזוי שטאַרק, אַז ער פיהרט אָן מיט דעם קערפּער. צי די ווירקונג פון גייסט אויף דעם קערפּער זאָל זיין אַ ברכה אָדער אַ קללה פאַר דעם גוף — דאָס ווענדעט זיך פון דער ריכטונג, אין וועלכער דער גייסט גייט" 1).

די מאָדערנע מעדיצין שטייט פעסט אויפ'ן שטאַנדפּונקט, אַז כדי דער קערפּער זאָל זיין געזונד — מוז דער גייסט זיין אַ געזונטער. דאָס אַמאָליגע ווערטעל — אין אַ געזונטען גוף געפינט זיך אַ גע־זונטער גייסט — דאַרף איבערגעדרייט ווערען מיט דעם קאָפּ אַראָפּ: בלויז מיט אַ געזונטען גייסט קען זיין אַ געזונטער קערפּער. די תורה, די אידישע אמונה זוכט צו שטאַרקען אונזער גייסט, אונזער

1) זעה דעם אַרטיקעל:

"The Peeping Mind Interferes with the Body," by Rasmus Alsaker, M. D. in "Practical Psychology," May, 1937, pp. 36—39.

אינערליכע פעסטקייט און אָנשפּאַר אין לעבען. ממילא איז עס אַ תורה פון „וחי בהם”, אַ תורה פון לעבען און געזונט זיין, „למען תאריכו ימים” — לאַנג לעבען און גוט לעבען, מיט אַ ריינעם האַרצען און ריינעם געוויסען. ווער עס פאַרברעכט אָבער געגען די געזעצען פון דער תורה, פאַרברעכט געגען די נאַטור־געזעצען. די פאַרלעצער פון די תורה־געבאָטען ווערען באַשטראָפט דורך זייערע אייגענע הענד, דורך זייער ניט אויספאָלגען די פאָרשריפטען פון דאָקטער אויף היילען זייער קרענק.

## כט.

## תשובה — אמת׳ע אומקעהרונג

אויב מ׳פאַסט אויף, אויפ׳ן אידישען שטייגער, די זינד ווי אַ פאַרלעצונג פון די געטליכע געבאָטען וואָס דאָס זיינען די נאַטור־געזעצען, און דער עונש איז דער נאַטירליכער רעזולטאַט פון פאַר־לעצטען געזעץ — קען ממילא ניט זיין קיין אַנדער תשובה, ווי אָפּקערען זיך פון שלעכטס און טהאָן גוטס, אויספאָלגען די געבאָטען און מקיים זיין די מצוות התורה. ניט חניפה און ניט אונטערקויפונג, אפילו ניט טרערען און געלט קענען העלפען, נאָר

צוריקשטעלען די פאַרלעצטע געבאָטען מיט האַרץ און נשמה, בלב ונפש.

אמת׳ע תשובה, אמת׳ע חרטה און אומקעהרונג – פאַרלאָזען די שלעכטע וועגען און זוכען די גוטע, ווי דער נביא זאָגט: „רחצו הזכו הסירו רוע מעלליכם מנגד עיני, חדלו הרע, למדו היטב, דרשו משפט״ (ישעי׳ א׳, טז — וואַשט זיך אָרום, רייניגט זיך, נעמט אַוועק אייערע שלעכטע טואונגען פון מיינע אויגען, הערט אויף צו טהאָן שלעכטס, לערענט זיך צו טהאָן גוטס, פאָדערט גערעכטיגקייט).
– אָט־דאָס זיינען די וועגען פון אמת׳ער תשובה, פון אמת׳ער אויסלייטערונג, פון אויפריכטיגען קו־מען צום מקור, צו די גרונט־וועגען פון ג־ט, וואָס זיינען חסד ורחמים.

## ל.

## די אידישע מיסיע

מיר אידען זיינען די טרעגער פון די געטליכע און הייליגע אידעען אויף דער וועלט. אונזער אויפגאַבע איז צו פאַרשפרייטען גוטע מעשים, גוטע מדות און הויכע מענשליכע מאָראַלע פרינציפּען, ווייל די גרויסע געטליכע אַנטפּלעקונג איז געקו־מען דורך אונז אידען. צו אונז האָט זיך ג־ט באַ־

וויזען, אָנהויבענדיג פון אונזער פאָטער אברהם ביז דער גרויסער אַנטפּלעקונג אויף דעם באַרג סיני. אונזער ציל אין לעבען איז צו טראָגען אָט־דעם גרויסען אמת איבער דער גאַנצער וועלט ניט מיט רייד, נאָר מיט פּראַקטישע, לעבעדיגע טאָג־טעג־ליכע מעשים אין אַלע ווינקלען פון לעבען.

## לא.

## די ציעלען פון אידישען „לך־לך"

באַלד ווי ג־ט האָט זיך באַוויזען צו אברהם אבינו האָט ער איהם געזאָגט „לך־לך", — גיי איבער דער וועלט און טראָג דעם געטליכען נאָמען צווי־שען די פעלקער, וואָס ווייסען נאָך ניט די וועגען פון ג־ט און זיינע דרכים. „ר' אבין זאָגט: ג־ט האָט געהייסען אברהם'ען צו גיין פון אָרט צו אָרט, כדי זיינע מעשים טובים זאָלען באַריהמט ווערען אויף דער וועלט און מען זאָל זיך פון איהם אָפּלער־נען צו טהאָן גוטס" (תנחומא הקדום לך־לך, סימן ג', שיר השירים רבה פרק א'). די זעלביגע אויפ־גאַבע לייגט אַרויף דער נביא ישעי' אויף די פּליי־צעס פון דעם גאַנצען אידישען פאָלק: „ואתנך לברית עם, לאור גוים" (ישעי' מ"ג, ו — איך וועל דיך מאַכען פאַר אַ פאָלק, וואָס היט מיין בונד און

וואָס וועט זיין אַ ליכט פאַר די פעלקער). אָט־דאָס איז אונזער ציעל אין לעבען. דאָס איז די מיסיע, די שליחות, וואָס מיר האָבען אויסצופילען אין דער וועלט.

היות ווי אונזער אויפגאַבע איז צו זיין אַ מוס־טער פאַר די פעלקער, מוזען מיר פאַרמאָגען אַזאַ מאָראַלישע הויך, מיר דאַרפען אין אונזער טאָג־טעגליכקייט באַזיצען אַזאַ מוסטערהאַפטע אויפ־פיהרונג, אַז מיר זאָלען טאַקע קענען ווערען דער אור גוים – די ליכט, דער מאָראַלער כח, צו וועל־כען עס ציהען זיך אַלע פעלקער, כדי זיך אָנצע־וואַרימען ביי אונזער הייליגען פייער וואָס ציהט זיין יניקה פון דער געטליכער אַנטפּלעקונג ביים באַרג סיני.

## לב.

### וואָס מיינט פאַר אונז ארץ ישראל ?

### אהבת הארץ איז פאַרבונדען מיט דער אידישער שליחות (מיסיע) אויף דער וועלט

אונזער גורל איז צענויפגעבונדען געוואָרען מיט דעם הייליגען לאַנד – מיט ארץ ישראל. ארץ ישראל איז דאָס באַזונדערס־צוגעגרייטע לאַנד פאַר דעם הייליגען צוועק צוליעב דעם, וואָס די אויגען פון ג־ט זיינען אין איהר „פון אָנהויב יאָהר ביז דעם

סוף יאָהר״; און איהרע בערג און טאָלען, איהרע הימלען און ערד, איהר לופט און וואַסער זינגען שירה, זאָגען קדושה.

און טאַקע דערפאַר, וואָס אויף אונזערע אַקס־לען ליגט דער שווערער, אָבער דערפאַר דערהוי־בענער, הייליגער יאָך פון זיין דער „אור עולם״, — דערפאַר טאַקע איז אונזער האַרץ טיף־דורכגע־דרונגען מיט אַ געפיהל פון טיעפער בענקעניש, אָהן־גרעניצדיגער ליעבע און אַ דורכאויסיגער צו־געבונדענקייט צו אונזער הייליגען לאַנד, צו ארץ ישראל. און הגם שוין טויזענדער יאָהרען זיינען מיר אָפּגעריסען פון אונזער ארץ הקדושה — דורך אונזערע זינד, אונזער שולד — איז זי נאָך אַלץ טיעף־איינגעבאַקען אין אונזער האַרץ, איינגע־קריצט אין אונזערע נשמות און מיר שטרעבען צו און חלומ׳ען וועגען שיבת ציון וירושלים, ווייל ארץ ישראל איז די בריק, וואָס פיהרט אונז צו אונ־זער לעבענס־ציעל: אויסצופילען אונזער מיסיע פון זיין דער אור עולם דורך טראָגען דאָס געטליכע וואָרט פאַר דער וועלט.

## לג.

# די וועלט וועט אויסגעלייזט ווערען
# נאָר דורך צדק און יושר

אין אונזער ליעבע צו ארץ ישראל קומט צום אויסדרוק די אומענדליכע געטליכע קראַפט, וואָס ווירקט אין די טיעפענישען פון אונזער נשמה, ליגט באַהאַלטען אין אונזער אונטער־באַוואוסטזיין און טרייבט אונז צו אונזער מקור, צו אונזער קוואַל, כדי מיר זאָלען פון דאָרט — פון די הרי ציון וירושלים — זאָגען דער וועלט — דער קלוגער און איינצייטיג אומגליקליכער וועלט, וואָס ראַנגעלט זיך אין יסורים און גייט אויס אין בלוט טאַקע צו־ליעב איהר קלוגשאַפט — זאָגען איהר ג־ט׳ס וואָרט און דערמאָהנען איהר די דרכי ד׳, די געטליכע וועגען פון מאָראַלער דערהויבונג און גייסטיגער לייטערונג: ניט דורך שווערד און בלוט, דורך חורבן און אומקום וועט די וועלט אויסגעלייזט ווע־רען, נאָר דורך צדק און יושר, גוטס און גערעכטיג־קייט קען די וועלט האָבען אַ קיום, שטייגען אַנט־וויקלען זיך און וואַקסען. ניט דורך שנאה, נאָר דורך ליעבע וועט די וועלט אויפגעבויט ווערען. „ואהבת לרעך כמוך — זה כלל גדול בתורה" — דו זאָלסט ליעב האָבען דיין חבר ווי זיך אַליין — דאָס איז אַ גרונט־פּרינציפּ פון דער תורה.

אין דער זעלבער מאָס אָבער, וואָס אונזער שליחות אויף דער וועלט, אונזערע פליכטען און התחייבות׳ן זיינען גרעסער, אין דער זעלבער מאָס איז נויטיג אָפען אויפצודעקען אונזערע וואונדען, זעהן וואָס אונז פעהלט און אַ קוק טהאָן, וואו מיר האַלטען, ווי מיר זעהען אויס אין דער אַמעריקאַנער אידישער ווירקליכקייט.

## לד.

## די פאַלשע אמונה באַגריפען מאַכען אַ חורבן אין אונזער לעבען

ומעת חסרנו כל אלה, צרות
רבות סבבונו.

די גרונט־פרינציפען פון אידישקייט — האָבען מיר שוין אויבען דערמאָהנט — זיינען אינדיווידו־עלע דערהויבונג. דעם מענשען איז געגעבען געוואָרען די בחירה חפשית, די פרייע זעלבסטבאַ־שטימונג צו גיין אין די געטליכע וועגען, אָפּלער־נען זיך פון די דרכי היצירה, כדי צו קומען צו אַ הויכער פערזענליכער השלמה, צו גייסטיגער דערהויבונג, צו „טהאָן גוטס און דערוויייטערען זיך פון שלעכטס״. דער פולער באַוואוסטזיין פון אָט־די מענשליכע פליכטען, וואָס ליגען אויף אידען איז געוועזען דער סם־מרפא פאַר דעם אידישען פאָלק,

און האָט אונז אויפגעהאַלטען אַלס אַ באַזונדער קיבוץ, מיט אַ באַזונדער אייגענאַרט אין אונזער לע־בענס שטייגער און האָט אונז געפורעמט אַלס אַן עם קדוש. דורך דערהויבונג פון יעדען יחיד, זיי־נען מיר געקומען צו דער קדושה פון דעם גאַנצען כלל צו דער מדריגה פון ווערען דאָס אויסדער־וועהלטע פאָלק, דער „אתה בחרתנו מכל העמים".

כל־זמן אידישקייט איז געווען גאַנץ, האָבען שטענדיג אונזערע בעסטע זיהן געזוכט צו פאָרשען און פאַרטיעפען דעם אמונה־באַגריף, אַרויסבאַקו־מען און קלאָר מאַכען אונזערע עיקרים, אונזער ג' אויפפאַסונג, כדי עס זאָל ווערען אַ מקור פון לעבע־דיגען טהאַט, פון שטענדיגער, פערמאַנענטער האַנדלונג, פון טאָג־טעגליכער אויפפיהרונג. אַזוי האָבען סיי אונערע חז"ל, סיי די גאונים ז"ל, סיי די ראשונים און סיי די אחרונים געזוכט צו פאַרטיעפען, פאַרפעסטיגען און קלאָר מאַכען דעם ריינעם, געלייטערטען ג־ט־באַגריף צווישען אידען.

אין אונזער צייט אָבער האָבען אידען אויפ־געהערט צו אינטערעסירען זיך מיט די גרונט־יסודות פון אונזער גלויבען, מיט די ווינקעל־שטיינער, אויף וועלכע עס האַלטען זיך אונזערע אמונה־באַגריפען. אָט די ניט וואַכע, ניט אויפ־מערקזאַמע, כמעט גלייכגילטיגע באַציהונג צו די גרונט־פראַגען פון דער אידישער אמונה האָט גע־

בראַכט צו אַ פאַרקריפּלונג, צו אַן אויסקרימונג פון דער ג־ט־אידעע ביי אידען און ממילא צו אַ חורבן אין אידישען לעבענס־אַרט, מנהגים, שטייגער און זיטען.

## לה.

## די נאַאיווע פאָרשטעלונג וועגען ג־ט

אויפ׳ן אָרט פון דער פרעכטיגער אידעע פון גאָט דעם וועלט־באַשאַפער, וואָס פיהרט זיין וועלט בחסד ורחמים און האָט אָט־די פרינציפען אַוועקגעלייגט ווי אַ נאַטור־געזעץ פאַר דער גאַנצער יצירה, פאַר דעם גאַנצען וועלט־באַשאַף און איז ממילא פאַרפליכטענד פאַר אַלע ברואים און באַזונדערס פאַר דעם מענשען, וואָס אויף איהם איז געזאָגט געוואָרען דער פסוק „ותחסרהו מעט מאלקים״, — אנשטאט אָט־דער אויפפאַסונג איז געקומען אַ נאַאיווע פאָרשטעלונג וועגען אַ קאַפּריזנעם ג־ט, אַ ג־ט כביכול וואָס קוקט אַרויס און בעט זיך ביי די מענשען, מען זאָל איהם טהאָן אַ „טובה״ און מען זאָל איהם דאַנקען און לויבען — כדי צו באַפרידיגען זיין „גייציגקייט״ חס וחלילה, זיין „קאַפּריז״, זיין להוט׳קייט נאָך שבחים. און אויב אַ מענש טהוט אַ מצוה איז עס מיט דער כוונה

נאָכצוגעבען דעם כביכול זיין קאַפּריז און פטור ווערען פון זיין „צודרינגליכקייט", כדי נאָכדעם קענען טהאָן, וואָס דאָס האַרץ גלוסט. און דאָס אייגענטליך איז דאָך דער באַדייט פון דעם ווער־טעל: „וואָס צו ג־ט איז צו ג־ט און וואָס צו לייט איז צו לייט". פּונקט ווי דער באַגריף „ג־ט און לייט" וואָלטען געווען אין סתירה צווישען זיך.

## לו.

## די פאַלשע נביאים

שאַפענדיג זיך אַ פאַלשע פאָרשטעלונג וועגען ג־ט־באַגריף, האָט מען זיך אויסגעבויט אַן אייגענע „תורה ומצוות" — אַ באַקוועמע, אַ ווייכע, וואָס מען קען טהאָן מיט זיי וואָס מען וויל. און עס געפינען זיך נאָך פאַלשע נביאים וואָס שרייען: „שלום־שלום" — אַלץ גייט צום גוטען אין דער בעסטער פון די וועלטען. — מען האָט זיך אויסגעקלערט אַן אמונה, אַ ג־ט־באַגריף וואָס זאָל צו גאָרניט ניט מחייב זיין, אויף קיינעם קיינע פליכטען ניט אַרויפ־לייגען. פאַר ג־ט איז מען יוצא מיט צוטראָגען איהם אַ תפילה, אַ געבעט, אַ מצוה'לע וואָס קאָסט ניט טייער און מען איז יוצא!

עס איז געגליכען צו די וואָס דער תהלים

זאָגט אויף זיי: „ויפתוהו בפיהם ובלשונם יכזבו לו ולבם לא נכון עמו״ (תהלים ע״ח לו־לז — זיי ריידען איהם איין מיט ווערטער, חנפ׳ענען איהם מיט זייער צונג, אָבער מיט׳ן האַרצען זיינען זיי פאַלש מיט איהם).

מיט׳ן אַוועקגיין פון די ריינע, לויטערע קוואַלען פון אונזער אמונה־באַגריף — איז דאָס גאַנצע אידישע לעבען אין אַמעריקע פאַרקריפּעלט געוואָרען. עס איז געוואָרען אַ ריינע פאָרמולע, אַ טויטע צערעמאָניע, אָהן דעם מקור־חיים. עס שפּרודעלט דאָרט ניט קיין לעבעדיגע אמונה, קיין גרויסע אידעע וואָס זאָל באַפּליגלען, באַגייסטערען און דערהויבען. בויט מען שוהלען פאַר יאָהרצייטען, קדיש זאָגעריי, בר מצוה פאַרטיעס; גרינדעט מען תלמוד תורות אָהן תורה. טומעלט מען וועגען כשרות וואָס איז געבליבען אַ נאָמען בלויז אָהן אַן אינהאַלט און איז ניט מעהר ווי אַ ליידיגער קלאַנג. און דאָס האַרץ איז פּוסט און די נשמה איז וויסט!

נאָך מעהר, די הערצער זיינען פול מיט מדות רעות, ווי קנאה, שנאה און תאווה. מען דינט מיט דעם גאַנצען האַרצען די עבודה־זרה׳ס פון כעס און גאווה און דעם „עגל הזהב״ פון געלט־זוכעריי, עשירות און די איבעריגע תאוות פון עולם־הזה.

לז.

## די אידישע רעליגיעזע געבאָטען און די מאָדערנע פּסיכאָלאָגישע וויסענשאַפט

און אַז מיר האַלטען שוין ביי דעם, וועט ניט זיין איבעריג נאָכאַמאָל און מיט מעהר גענויקייט אונטערצעשטרייכען ווי ווייט די יסודות פון אונזער אידישער רעליגיעזער מאָראַל פאַלען זיך צענויף מיט די היינטצייטיגע וויסענשאַפטליכע פאָרשונגען אויף דעם פּסיכאָלאָגישען געביט.

נעמען מיר למשל אַזאַ מין ענין ווי כעס. אונזערע חכמים האָבען אונז זעהר שטאַרק געוואָרענט געגען אָט־דעם מענשליכען איבעל. „כל הכועס כאילו עובד עבודה זרה" — ווער עס ווערט אין כעס, איז ווי ער וואָלט געדינט עבודה־זרה (נדרים, דף פ"ג; סוטה, דף פ"א). „כל הכועס כל מיני גיהנום שולטין בו" — ווער עס ווערט אין כעס, געוועלטיגען איבער איהם אַלע בייזע גיהנום־כחות. לאָמיר איצט זעהן וואָס עס זאָגען וועגען אָט־דעם זעלבען ענין די היינטצייטיגע פּסיכאָלאָגען?

ד"ר וויליאם הענרי מייקעסעל, באַהאַנדלענדיג די פראַגע „כעס" קומט צום אויספיהר, אַז מען דאַרף פאַנאַנדערטיילען צווישען די צוויי באַגריפען כעס און צאָרען. צאָרען איז אַ סאָציאַלער באַגריף.

ווען מיר זעהען, אַז עס ווערט באַגאַנגען אַן עוולה
געגען ווען — צינדט זיך אָן דער צאָרען אין
אונז. אַזוי למשל האָט מתתיהו כהן גדול געברענט
מיט צאָרען געגען די רוימער. כעס איז אָבער אַן
אינדיווידועלע דערשיינונג און דערווייזט די אומ־
מעכטיגקייט און אומבאַהאָלפענקייט פון געגעבע־
נעם יחיד צו געגענווירקען אַן „עוולה" וואָס איז
איהם געטהאָן געוואָרען. דאָרטען וואו דער יחיד
געפינט זיך און גיט באַלד און אומגעזאַמט דעם גע־
העריגען ענטפער, מדחה זיין מיט אַ וויץ, אָפּ־
שטויסען מיט אַ קלוגען אויסדריי — קומט ניט קיין
כעס. כעס קומט נאָר ווי אַ רעזולטאַט פון אייגע־
נער אומבאַהאָלפענקייט און איז אַ באַווייז פון איי־
גענער שוואַכקייט און געפאַלענקייט. ביאָלאָגיש
באַצאָהלט דער כעסן זעהר טייער פאַר אָט־דעם
צושטאַנד. „כעס איז פראָסט פשוט אַ צעשטערונג
פון דער גאַנצער נערווען־סטרוקטור און אַ מענש
קען קיין גוטס ניט דערוואַרטען פון אַזאַ צושטאַנד"
— פיהרט אויס דער געלעהרענטער פסיכאָלאָג [2].

מיר האָבען גענומען איין ביישפּיעל — כעס.
מיר וואָלטען געקענט ברייגען אָהן אַ שיעור ביי־
שפּיעלען. דער ענטפער וועט שטענדיג זיין איין

2) Mental Hygiene, by William Henry Mikessel, Ph. D., New York, Prentice-Hall, Inc., 1939, ch. XIX, Anger, pp. 372—391.

און דער זעלבער. די אויספיהרען פון דער געטלי־כער מאָראַל פאַלען זיך צענויף מיט די פּרינציפּען און רעזולטאַטען פון דער וויסענשאַפטליכער פאָרשונג, ווייל די יסודות פון אונזער אמונה זיינען די נאַטור־געזעצען, מיט וועלכע ג־ט פיהרט זיין וועלט.

אָבער ווייל מיר זיינען געוואָרען גלייכגילטיג צו די קוואַלען פון דער ריינער אמונה, האָבען מיר פאַרלוירען דעם ריכטיגען קאָמפּאַס, דעם וועג ווייזער און דעם אָנהאַלט אין אונזער טאָג־טעגלי־כען לעבען. דערפון שטאַמען די אַלע ווילדע מידות וואָס האָבען זיך איינגעבירגערט אין אונזער שטיי־גער און אונזערע מנהגים.

לא די וואָס עס הערשען צווישען אונז שנאה, קנאה און כעס, כבוד־זוכעריי, ניט פאַרגינעריי און דאָס גלייכען, נאָר אפילו „תשובה און תפלה" איז געוואָרען אַ געשעפט, מיט וואָס מען זוכט אָפּצו־נאַרען זיך און דעם כביכול — דעם רבונו של עולם. און אויף דער אידישער גאַס הערען זיך די קולות פון מחלוקת, שנאת חנם, באַשמירט מיט לשון הרע, רכילות און שקרים. דערצו נאָך רדיפות איינע אויף די אַנדערע — השגת גבולים. דאָס אַלץ איז ווייט פון אַ מחלוקת לשם שמים. מען קריגט זיך פאַר אַזאַ אידישקייט, וואָס קען ניט דערוואַרעמען און אויפלעבען אידישע הערצער, ווייל עס פעהלען

דערביי די עיקרים, די אמת׳ע באַגריפען פון אמונה און דער ריכטיגער תכלית פון תורה ומצוות.

## לח.

## וואָס מיינט תשובה אין דער איצטיגער צייט ?

אונזער צייט איז ניט קיין געוויינליכע, ממילא מוז די תשובה אונזערע זיין אַ מעהר פאַראַנט־וואָרטליכע. מיר לעבען אין אַ צייט, ווען עס ציטע־רען די יסודות פון דער וועלט. די מענשהייט גייט אָפּ מיט בלוט. פעלקער ווערען חרוב און לענדער גייען אונטער. קולטורען און לעבענס שטייגער, איינגעפונדעוועט און פאַרפעסטיגט אין פאַרלויף פון טויזענטער יאָהרען, ווערען צעקלאַפּט און צע־שלאָגען אויף ברעקלאך, אויף פּיץ־פּיצלאך. מיר אידען זיינען אין דערמיט. אויף אונז האָט זיך אויסגעגאָסען דער צאָרען פון די מושלים. מיר ווערען ממש צעטראָטען אונטער די בלוטיגע שטיוועל פון דעם מאָדערנעם המן — היטלער ימח שמו — און זיינע בלוט־דאָרשטיגע חיות רעות — זיינע צעבושעוועטע חיילות. מיר זיינען די קרבנות פון דעם ווילד געוואָרענעם דייטשלאַנד. אַ לאַנד פון אַ לאַנג יעהריגער קולטור, ציוויליזאַציע און רעליגיע האָט אַראָפּגעוואָרפען פון זיך אַלע עול׳ן,

אַלע מענשליכע צוימען, האָט אויפגעבראָכען אַלע גדרים און איז אַרויס נאַקעט אויף דער וועלט מיט אויפגעריסענע וועלפישע ציין און גראָבען, פרעכען פויסט. און ברוטאַלער געוואַלט קען נאַטירליך ניט פאַרטראָגען אונזערע אידישע אידייען פון מענש־ליכער דערהויבונג, פון מאָראַלער גייסטיגקייט, פון אונזערע פּרינציפּען צו האַמעווען די חיה אין מענ־שען, צוימען די ווילדקייט פון „יצר לב האדם רע מנעוריו". דער גערעַנגעל וואָס קומט איצט פאָר אין דער וועלט — איז דער קאַמף צווישען מענש און חיה, צווישען מאָראַלע פּרינציפּען און גראָבער פליישיגער מאַכט. היטלער — דער מענש פון כל דאלים גבר — האָט זיך געמוזט מיט זיין גאַנצען אימפּעט און פרעכקייט וואַרפען אויף אונז — די טרעגער פון הויכע געטליכע אידעאַלען, פון יושר, גערעכטיגקייט און רחמים פאַר אַלע מענשען און פעלקער. די היטלער־חיה וויל אונז אומברייגגען.

וואָס דאַרף זיין אונזער ענטפער?

אונזער תשובה קען זיין נאָר איינע — מיר די אויסדערוויילטע פון דער השגחה העליונה צו זיין דער „אור עולם" — די אויגען פון דער וועלט — מוזען ווייטער טראָגען די ווערטער פון ג־ט צו אַלע מענשען אויףביידע זייטען ים; אויף אַלע פיר עקען פון דער ערד. כדי אָבער צו זיעגען, כדי צו קענען איבערטראָגען די יסורים און פיין וואָס האָ־

בען זיך, ווי אַ ווילדע צעבוּשעוועטע כוואַליע אין אַ שטורעמדיגען ים צעגאָסען איבער אונזערע קעפּ, מוזען מיר אַליין צו־קומען צו אַ גרויסען גייסטיגען אויפשטייג, צו אַ ברויזענדער מאָראַלער דערהוי־בונג. תשובה — איז איצטער ניט נאָר חרטה, נאָר טאַקע און בעיקר אַ גרויסע גייסטיגע אָנשטרענגונג אויף פּאַרווירקליכען אין לעבען, אין קאָנקרעטע מעשים די הויכע אידעאַלען און פּרינציפּען פון אונזער תורה, אונזער אמונה און אונזערע באַ־שטרעבונגען.

מיר מוזען קומען צו אַזאַ מין תשובה, וואָס זאָל מאַכען אן איבערקעהרעניש, רעוואָלוציאָנירען אונזער גאַנץ לעבען, כדי איהם אַוועקצושטעלען אויף דעם אמת־מקור'דיגען אידישען יסוד פון טיע־פער אמונה — השתלמות האדם — וואָס עס מיינט אַרויסרייסען די מדות רעות, די פינסטערע עבודה זרה'ס און פאַרפלאַנצען מדות טובות דורך גיין אין ג־ט'ס וועגען פון „מה הוא רחום אף אתה רחום" וכו'.

און צו אָט־דעם ציעל קענען מיר קומען נאָר דורך פאַרפאָלקאָמען דעם יחיד, איהם איבערדער־ציהען, איהם איבערבויען.

## לט.

## צוויי פסוקים דינען פאַר אַ מאָטאָ אין אונזער תשובה־וועג

בעת מיר נעמען זיך פאַר תשובה, מוזען מיר אויף איהר באַזע אַוועקלייגען די פאָלגענדע צוויי פסוקים פון דער תורה.

א) „ויברא אלהים את האדם בצלמו, בצלם אלהים ברא אותו. ויפח באפיו נשמת חיים". (בראשית א׳ כז — ב׳ ז).

ב) „ללכת בכל דרכיו ולדבקה בו. אחרי ד׳ אלהיכם תלכו ואותו תעבדו ובו תדבקון" (דברים י״א כב — י״ג ה). און ווי די חכמים אונזערע דער־קלערען און טייטשען אויס אָט־די פסוקים אין דעם זין פון „מה הוא רחום אף אתה רחום ומה הוא חנון אף אתה חנון" וכו׳. און „בכל דרכיו" — אלו דרכי הקב״ה, שנאמר: ד״ד אל רחום וחנון, ארך אפים ורב חסד ואמת וכו׳ (ספרי מ״ב).

דער ערשטער פסוק ווייזט דעם מענשען ווי גרויס ער איז. זיינע מעגליכקייטען זיינען אָהן גרעניצען אין זין פון פאַרפאָלקאָמונג און פון וואַק־סען, פון מאָראַלער דערהויבונג און גייסטיגער עליה. מיט דעם וואָס דער מענש האָט אַ געט־ליכען געשטאַלט, אַ צלם אלהים, האָט ער אַ חלק

פון ג־ט אין זיך; כחות אַזעלכע, וואָס ביי אַ געהעריגער דערציהונג און אויפמערקזאַמער פלעגונג, קען דער מענש דערגיין צו גאָר גרויסע הימלעשע הויכען.

אויפ'ן פסוק: „ויפח באפיו" — זאָגט דער זוהר: „כל מאן דנפח מעצמו נפח" (ווער עס בלאָזט אין עפּעס, בלאָזט ער אויף איהם מיט זיין אייגענעם אָטעם). מיט דעם וואָס ג־ט האָט אַריינגעבלאָזען אַ נשמה אין מענשען, האָט ער אין איהם געטליכעס אַריינגעבלאָזען. אָט־דער באַוואוסטזיין פון דער גרויסער חשיבות פון דער מענשליכער נאַטור לייגען ארויף אויף דעם מענשען — אויף יעדען יחיד באַזונדער — גרויסע התחייבות'ן פליכטען און פאַראַנטוואָרטליכקייטען פאַר די הייליגע עלעמענטען, די גייסטיגע באַשטאַנד־טיילען פון אונזער עקזיסטענץ אויף דער וועלט.

אָט־דער באַוואוסטזיין פון חשיבות, פון די הייליגע ניצוצות וואָס געפינען זיך אין מענשען, דאַרף איהם — דעם מענשען — געבען מוטה, שטאַרקייט און געוואַגטקייט אונטערצונעמען גרויסע זאַכען, טהאָן גרויסע מעשים, ווייל דער מענש באַזיצט אַן אומענדליכען קוואַל פון כחות, אומאויסשעפּענדע רעזערוואואַרען פון קרעפטען, כדי צו דערגרייכען פאַרפאָלקאָמענונג. עס איז ניטאָ קיין אוממעגליכעס פאַר'ן מענשען, ער דאַרף נאָר וועלען אָנ־

שטריינגען זיך — און זיינע פאַרבאָרגענע כחות וועלען איהם אין דעם אַרויסהעלפען.

## מ.

## די אָנשטרענגונג מוז באַגלייט ווערען מיט מעשים, מיט קאָנקרעטען טהאַט

ווען מיר זאָגען, אַז דער מענש דאַרף נאָר מאַ־כען אַן אָנשטריינגונג — מיינען מיר דערמיט צו איינשאַפען זיך אַזעלכע מִנהגים, אַזעלכע אויפפיה־רונגען, אַז עס זאָל ביי איהם ווערען אַ געוואוינ־הייט, אַ „צווייטע נאַטור". די פסיכאָלאָגען האָבען זיך פיל אָפּגעשטעלט אויף אָט־דער וואונדערליכער ערשיינונג פון דעם מענשליכען וועזען ווי גע־וואוינהייטען. דער מענש ווייזט אַרויס אַ מאָדנע נייגונג צו באַקומען געוואוינהייטען, וואָס ווערען מעכאַנישקייט און אפילו אויטאָמאַטישקייט.

## מא.

## באַוואוסטזיין און אונטערבאַוואוסטזיין

אַן אַקט וואָס ווערט געטהאָן איין מאָל און צוויי מאָל און אַזוי כסדר, ווערט אַ געוואוינהייט, וואָס ווערט געטהאָן כמעט אָהן באַוואוסטזיין. די מע־

כאַנישקייט אין מענשען קען דערגיין אַזוי ווייט, אַז פאַכלייט למשל וואָס שרייבען אויף טייפּריי־טערס, אויף טעלעגראַף־מאַשינעס וכדומה, דער־גייען צו דעם, אַז די פינגער קלאַפּען אַליין, כמעט ווי אָהן באַוואוסטזיניגען מענשליכען קאָנטראָל. דער באַוואוסטזיין איז אַזוי צו זאָגען איינגעשלע־פערט, אָפּגערוקט אויפ׳ן צווייטען פּלאַן, אָבער קיינמאָל ניט אָפּוועזענד, ניט פעליג אינגאַנצען. גענוג צו מאַכען אַ פעהלער — און דער באַוואוסט־זיין „כאַפּט זיך אויף״, הויבט אָן צו אַרבעטען און עס קומט דער באַוואוסטזיניגער מענשליכער גע־דאַנק, דער קאָנטראָלירטער טהאַט, דער דורכגע־טראַכטער און צום ציעל שטרעבענדיגער אַקט.

אָט־די דערשיינונגען טרעפען מיר אויף שריט און טריט. נעמט צום ביישפּיעל אַזאַ מין געוויינ־ליכע טאָג־טעגליכע „טעטיגקייט״ ווי גיין. גיין — איז אַן אויטאָמאַטישע „טהאונג״. ווען אַ מענש זאָל טראַכטען ביים שטעלען אַ טראָט ווי אַזוי צו באַ־וועגען די פיס — וואָלט ער ממש פון אָרט ניט גע־ריהרט. מיר גייען, ווייל מיר טראַכטען ניט וועגען די מעטאָדען און געזעצען, וואָס באַשטימען אונזער אופן פון גיין. אָבער זאָלען מיר נאָר באַגעגענען אַ מניעה אויף אונזער וועג, אַ קלאָץ, אָדער אַן אַנדער שטערונג — און מיר וועלען באַלד ווערען „וואַך״ און מיר וועלען זיך באַמיהען אָט־די שטערונג צו

פאַרבייגיין, צו אויסמיידען. דער אויטאָמאַטישער אַקט פון גיין איז געוואָרען באַוואוסטזיניגע האַנד־לונג — אויסהיטען זיך פון געשטרויכעלט ווערען. דער מענש איז פסיכאָלאָגיש אַ געוועב פון באַ־וואוסטזיין, אויטאָמאַטיזם און קאָנטראָל איבער דעם אויטאָמאַטיזם.

דער גרויסער פראַנצויזיש־אידישער פילאָזאָף האנרי בערגסאָן האָט זיך אפילו דערטראַכט צו פאָרמולירען אַ געדאַנק, אַז געלעכטער איז אַן אויסדריק פון געזעלשאַפטליכען אויסאיבען אַ דרוק און ווירקונג, כדי אויסצובעסערען און ניט דער־לאָזען, אַז דער יחיד זאָל אַריינפאַלען אין נעץ פון אַ צו־גרויסען, אַ צו־שטאַרקען אויטאָמאַטיזם.

ווען אַ מענש פאַלט — זאָגט בערגסאָן — הייסט עס, אַז ער איז ניט געווען גענוג וואַך אויס־צעמיידען אַ מניעה, אַ שטערונג, אַ העמונג אין גאַנג — ענטפערען די אַרומיגע צושויער מיט אַ געלעכטער, ווי זיי וואָלטען איהם געזאָגט: „צו־שטאַרק איז ביי דיר איינגעשלאָפען דער באַוואוסט־זיין" 3).

„די פערזענליכקייט איז אַ בינטעל פון גע־וואוינהייטען" — זאָגען פסיכאָלאָגען 4).

3) Henri Bergson — Laughter, (trans. by Brereton and Rothwel, 1911).

4) Bills, A. G. — General Experimental Psychology, 1934.

אונזערע חכמים האָבען די באַדייטונג פון גע־וואוינהייט אין מענשליכען לעבען שטאַרק אָפּגע־שאַצט און אונטערגעשטראָכען: „עבירה גוררת עבירה ומצוה גוררת מצוה" — אַן עבירה שלעפּט נאָך זיך נאָך אַן אַנדער עבירה און אַ מצוה — אַ צווייטע מצוה — זאָגען אונזערע חכמים אין „פּרקי אבות".

פּסיכאָלאָגען ווייזען אויך אָן, אַז אונזער גאַנצע נערוועז־סיסטעם פּאַסט זיך צו צו אונזערע טעטיג־קייטען און דערפאַר ווערען ביי אונז געוואוינהיי־טען פאַרוואַנדעלט אין מעכאַנישע אַקטען, אין אין אויטאָמאַטישקייט. דאָס טהאָן — פורעמט דעם אָרגאַן, אָדער ווי די פראַנצויזען דריקען זיך אויס: "La fonction fait l'organe" 5)

דערפאַר טאַקע איז אַזוי וויכטיג צו באַקומען גוטע געוואוינהייטען, איינשטעלען גוטע נאָרמען פון האַנדלונג שוין פון פריהעסטען עלטער.

אָבער אויף טהאָן גוטס איז קיינמאָל ניט צו־שפּעט. אמת, עס קומט אָן אַ ביסעל שווערער, אָבער מיט אַן אָנשטרענגונג, דורך באַמיהונגען — קען מען אַ סך דערגרייכען און זיך טאַקע איבער־בויען, איבעראַנדערשען זיך, דערהויבען זיך.

---

5) Carpenter, W. B. — La Physiologie Mentale, 1874.

## מב.

## ווילען אַליין איז ניט גענוג

מען דאַרף אָבער געדענקען, אַז ווילען אַליין איז ניט גענוג אויף ברעכען אַ געוואוינהייט. „ווילענס־קראַפט אַליין, אין זין פון אַ שטאַרקען פאַרלאַנג, האָט נאָך קיינמאָל קיין געוואוינהייט ניט געבראָכען" 6). כדי צו ברעכען אַן אַלטע געוואוינהייט מוז קומען אַ טהאַט, מען מוז איינפלאַנצען די נייע גוטע געוואוינהייטען דורך מעשים, דורך טהואונג. און דורך טהאַט — דורך טהאַט איינציג און אַליין — קענען קומען די נייע גוטע און געוואונשענע געוואוינהייטען און פאַרבייטען די אַלטע, די שוין איינגעשטעלטע פאַרדאָרבענע געוואוינהייטען, פון וועלכע מען וויל פטור ווערען.

אַזוי אַז ווען מיר זאָגען, אַז דער מענש מוז זיך אָפּגעבען אַ דין־וחשבון און וויסען, אַז ער האָט אין זיך אַ פונק פון עפּעס וואָס קומט פון דעם בורא עולם — מיינען מיר צו זאָגען, אַז דער מענש דאַרף זיך באַמיהען — און טאַקע דורך מעשים שבכל יום — צו דערגרייכען צו השלמה. און מיט דעם גרויסען חסד, וואָס דער אויבערשטער האָט געגעבען דעם מענשען אַ פרייען ווילען, דעם

6) Dr. Mikessel, quoted work, pages 11—37.

כח הבחירה, איז ער ביכולת צו אַנטוויקלען אין זיך די גרויסע געטליכע כחות, וואָס זיינען פאַרבאָרגען אין דעם מענשען און דערגיין צו אַ הויכער מדרגה.

ווען דער מענש זאָל ריכטיג פאַרשטיין און באַגרייפען און זאָל טאַקע שטענדיג האָבען פאַר די אויגען אָט־דעם געדאַנק, אַז ער איז באַשאָנקען געוואָרען מיט אַ נשמה, מיט אַ געטליכען כח, מיט אַ חלק אלוה ממעל — וואָלט עס געמאַכט אַ רעוואָלוציע אין גאַנצען מענשליכען לעבען.

און טאַקע דערפאַר וואָס די גרויסע מענשען אין אַלע דורות האָבען דערפיהלט אין זיך אָט־די דירעקטע אינטואיטיווע געטליכע שטראַלען, וואָס לעבען אוןווירקען אין די טיעפענישען פון אונזער גייסט, — דערפאַר טאַקע האָבען זיי זיך געקענט דערהויבען צו די מדרגות פון קדושה, פון הייליגקייט, פון עלית־הנשמה.

אין דעם ערשטען פסוק פון „בצלם אלקים" און „ויפח" איז געגעבען געוואָרען די גייסטיגע כאַראַקטעריסטיק פון מענשען און די פעהיגקייטען וואָס זיינען אין איהם אַריינגעגעבען געוואָרען, כדי צו קענען דערגרייכען צו עלית־הנשמה, צו גייסטיגער דערהויבונג און השלמה.

אין צווייטען פסוק גיט די תורה איהר פראָגראַם, דורך וועלכע וועגען דער מענש קען קומען צו דער מדרגה פון ווערען געטליך. און דאָס איז

דער וועג פון „ללכת בדרכיו — מה הוא רחום אף אתה רחום״ וכו׳, ווייל דאָס זיינען דאָך די מדות פון ג־ט וואָס מיט זיי פיהרט ער זיינע וועלטען.

אָפּוואַרפען די עבודה־זרה׳ס אין דער אויפ־פיהרונג פון מענשען און אין די געגענזייטיגע באַ־ציהונגען צווישען מענש און מענש און אויף זייער אָרט זאָלען קומען ברידערליכע פאַרבינדונגען צווישען מענשען אין באַוואוסטזיין פון דער אויבערגעוויינליך־פּריווילעגירטער לאַגע פון דעם מין מענש אין דעם וועלט־באַשאַף — דאָס איז דער וועג, דער ציל און תכלית פון דעם מענשען אויף דער ערד.

## מג.

## צוריק צום יחיד

און היות ווי דער יסוד פון אידישקייט איז דער יחיד, ממילא איז געדרונגען, אַז מיר מוזען זוכען און געפינען וועגען ווי אַזוי צוצוקומען צום איינ־צעלנעם אידען דורך איינשטעלען אַ פּערזענליכען קאָנטאַקט און איינגע פאַרבינדונגען צווישען מענש און מענש; לערנען אים און אָנווייזען, אַז דער ריכטיגער וועג פון אידישקייט מאַכט דעם מענשען גליקליך, ווייל:

א) דער מענש ווערט פאַראייניגט מיט דער אייביגקייט, מיט נצחיות און עולם הבא, ווי דער פסוק זאָגט: „ואתם הדבקים בה׳ אלקיכם חיים כלכם היום״ (דברים ד׳ ד);

ב) עס ברייגנט באַרוהיגונג, זיכערקייט און גייסטיגען גלייכגעוויכט אין לעבען פון דער טאָג טעגליכקייט און אין לעבען פון דער וועלט, ווייל דער עיקר פון אידישקייט איז צו געבען גייסטיגע באַמוטיגונג און אינערליכע זיכערקייט דעם מענ־שען. אידישקייט לערענט דעם מענשען און ווייזט איהם דעם וועג ווי אויסצובילדען זיין כאַראַקטער, שטאַרקען זיין מוטה און הויבען זיין גייסט.

„לא נתנו תורה ומצוות אלא לצרף בהן את הבריות״ (מדרש) — די תורה און די מצוות זיינען געגעבען געוואָרען כדי צו לייטערען דורך זיי די מענשען. די תורה און די מצוות העלפען אַרויסצע־רייסען פון דעם מענשען דאָס חיה׳שע אין איהם, די שלעכטע מדות און איינפלאַנצען אויף זייער אָרט גוטע מדות, ווייל דער הויפּט־צוועק פון דער תורה איז ארויסצערייסען דעם מענשען פון די נע־געל פון פאַרגרעבטקייט, פון די חמריות׳דיגע טיעפענישען, וואו עס דראָהט איהם די סכנה פון ווערען מענש־טייוועל און איהם בריינגען צו הע־כערע מדרגות וואו ער זאָל ווערען דער איש אלקים — דער מענש וואָס איז געטליך.

מד.

## מדות — אַ יסוד פון דער תורה

אין דעם מאָמענט, ווען דער מענש הויבט אָן אַראָפּצעוואַרפען פון זיך די שלאַנגען־קייטען פון די שלעכטע מדות, קנאה און שנאה, כעס און גאוה — מדות אַזעלכע וואָס פרעסען אויף דעם געט־ליכען עלעמענט, דעם געטליכן פונק אין דעם מענ־שען. פאַרקעהרט ווידער, ווען דער מענש ווערט אַדורכגענומען פון דורכאויס גוטע מדות, ווי טיעפע אמונה און ליבשאַפט, פרייד און עניוות, רחמנות און נדיבות — הויבט דער מענש דאַן אָן קוקען אויף דער וועלט מיט אַנדערע אויגען — ליכטיגערע, העלערע — און זיין געמיט ווערט רו־היגער, וויסענדיג, אַז ער פאַראייניגט זיך און גיסט זיך צענויף מיט דעם כח כל הכחות פון דעם אוני־ווערס. דאָס לעבען באַקומט אַ זין, עס האָט אַ צוועק און מען ווייסט, אַז לעבען איז געגעבען גע־וואָרען כדי עפּעס צו מתקן זיין, כדי עפּעס אויפצו־טהאָן בימי חלדו.

לעבען נישט בלויז אין הו־האַ, ניט בלויז פאַר זיך, מיט עגאָאיסטישע צוועקען און ציעלען, נאָר פאַר העכערע באַשטרעבונגען און אויפגאַבען: פאַר די אייביגע פּרינציפּען פון געטליכע מדות —

פאַר דרכי ה׳ — דאָס איז אַ גרויס גליק און אַ גרוי־
סע באַפרידיגונג.

און דאָס פאַרהיט פון אַ סך קערפּערליכע
קראַנקהייטען און קערפּערליכע צערודערונגען,
ווייל ווי עס דערקלערען די גרעסטע דאָקטוירים
און די גרעסטע פּסיכאָלאָגען זיינען אַ גאָר גרויסע
צאָהל קראַנקהייטען וואָס פאַרביטערען דאָס לע־
בען אַ רעזולטאַט פון נשמה־צערודערונג, פון
גייסטיגער פאַרקריפּלונג און פון קוקען אויף דער
וועלט מיט אַן „עין רעה" — מיט אַ שלעכט אויג,
אַרויסגייענדיג פון עגאָאיסטישע באַשטרעבונגען,
ווי כבוד זוכעריי און קנאה־שנאה וכדומה, וואָס
ברענגען דערצו, אַז די מענשען זאָלען אויפנעמען
די וועלט אויף אַ ניט נאָרמאַלען אופן.

„גייסט איז העכער, האָט די בכורה איבער׳ן
קערפּער, אָבער די פיזיאָלאָגישע טייל איז זעהר
וויכטיג. ווייל זי איז דער באַזיס, אויף וועלכען דער
גייסט שפּאַרט זיך אָן אין משך פון דעם ערדישען
לעבען, אָבער מיר קאָנען זאָגען, אַז דער קערפּער
איז דער אינסטרומענט, דאָס מיטעל, דורך וועלכען
דער גייסט איבט אויס זיין איינפלוס" [7].

7) Dr. Rasmus Alsaker, the quoted article, p. 39.

מה.

## די תורה — אַ רפואה פאַר׳ן מענשען

מיר דאַרפען דאָ באַמערקען, אַז ווען די תורה זאָגט: „אם שמוע תשמע בקולי והישר בעיני תעשה וכו׳ כי אני ה׳ רופאך" (שמות ט״ו כו), אָדער ווען מיר רופען דעם רבונו של עולם רופא חולים — איז דאָס ניט נאָר דערפאַר ווייל ג־ט׳ס קראַפט איז אין דאָקטער, אָדער אין דער מעדיצין, נאָר די תורה מיינט דערמיט צו זאָגען, אַז די רפואה ליגט אין דעם עצם פון דער געטליכער תורה ומצוות. די מאָראַלע פרינציפען וואָס זיינען אַריין אין דער תורה; דאָס פיהרען זיך לויט אָט די געטליכע מדות און פרינציפען — ברענגען דעם מענשען צו אמת׳ער אמונה און שאַפען אַ געזונטען יסוד און באַזיס פאַר מענשליכער אויפפיהרונג, כדי דער מענש זאָל זיין געזונט און צופרידען אויף דער וועלט.

דאָס איז דער זין פון פסוק: „וצדיק באמונתו יחיה" (חבקוק ב׳ ד). דורך דער אמונה גופא לעבט דער צדיק, רעגולירט ער זיין טאָג־טעגליכען לע־בען און ממילא דערגייט ער צו בריאת הנפש ובריאת הגוף — צו גייסטיגער און פיזישער פער־פעקציע, צו אַ גייסטיגען און פיזישען גלייכגע־וויכט.

די תורה לערענט אונז די וועגען פון לעבען, די יסודות אויף וועלכע מיר זאָלען בויען אַן עהר־ליכען און געזונטען לעבענס שטייגער דורך אַ נאָר־מאַלען ארט דענקען, דורך גוטע מדות און מעשים און דורך אויסבילדען אונזער כאַראַקטער און דער־גיין צו פאָלקאָמענקייט.

## מו.

## אמונה — אַ קוואַל פון האָפנונג און גליק

אמונה ברענגט מיט זיך רוהיגקייט, פרייליכ־קייט, צעפרידענקייט און האָפנונג. און דאָס זיינען דאָך די וויכטיגסטע עלעמענטען פון אַ געזונטען און נאָרמאַלען לעבען. דאָס זיינען די וויכטיגסטע פאַקטאָרען וואָס דאָקטוירים זוכען אַריינצוברענגען צו אַ קראַנקען כדי ער זאָל קענען געזונט ווערען. אויסער דעם ווירקט אָט־דער גייסטיגער גלייכגע־וויכט צו פאַרהיטען פון קרענק. אָט־די מדות וואָס שטאַמען פון דער אמונה דערלאָזען ניט, אַז עס זאָ־לען פאָרקומען אין קערפּער אָט־די קרענקליכע צושטאַנדען.

„עס איז אַ פאַקט — שרייבט אַ מעדעצינער — אַז פאַרוואונדעטע זעלנער פון אַן אַרמיי וואָס איז זיגרייך היילען זיך שנעלער אויס, ווי פרוואונ־

דעטע זעלנער פון אַן אַרמיי וואָס האָט געליטען אַ מפלה. דאָס איז ניט בלויז אַ ריינע צופעליגקייט, נאָר עס איז ראַציאָנעל מעגליך, ווען מען נעמט אין באַטראַכט דעם איינפלוס וואָס גייסט איבט אויס אויף דעם קערפער" 8).

## מז.

## „דע את עצמך"

אין דער אונטערשטער שורה, כדי צו שטאַרקען אונזער קערפער, מוזען מיר אָנהויבען פון שטאַרקען דעם גייסט, געבען נאַהרונג, צעפרידענקייט און גלייכגעוויכט אונזער גייסטיגען לעבען. און דאָס קענען מיר טהאָן, ווען מיר שטעלען זיך אין פאַרבינדונג מיט'ן יחיד און מיר שלאָגען זיך אַרויס פון מוח די ניט געשטויגענע און ניט געפלויגענע איינרעדענישען וועגען זאָרג פאַר מאָרגען און איבערמאָרגען. מיר דאַרפען קומען צו דעם יחיד, צו דעם איינצעלנעם מענשען, וואָס יאוש און פאַרצווייפלונג פרעסט איהם אויף; וואָס ווערט פאַרפאַלען אין פוסטקייט ווייל ער האָט ניט קיין ציעל און זעהט ניט קיין תכלית אין לעבען; וואָס לעבט אין לאַנגווייליגקייט און זוכט „צו הרג'ענען זיין

8) Dr. Mikessel, quoted work, page 291.

צײַט" מיט נאַרישע און אָפּטמאָל געפעהרליכע צײַט־פאַרטרײַבונגען, ווי קאָרטען שפּיעל, שכרות און דאָס גלײַכען — דאַרפען מיר קומען צו אָט־דעם אומגליקליכען און פאַרפּײַניגטען מענשען מיט דעם אַלטען רוף אונזערען — „ד ע א ת ע צ מ ך" — דערקען זיך אַלײן, ווײס ווער דו ביסט, פאַר־טיעף זיך אין זיך גופא און דו וועסט אויסגעפינען, אַז אַ ים מיט באַהאַלטענע קרעפטען זײַנען פאַר־באָרגען אין דיר, אַז דו באַזיצסט אָהן אַ שיעור פאַרבאָרגענע ענערגיע און אַ גרויסען רעזער־וואואַר פון געטליכע כחות, וועלכע געפינען זיך אין דײַן נשמה וואָס איז אַ חלק אלוה ממעל. און מיט אַזויפיעל כחות קענסטו אויפטהאָן גרויסע זאַ־כען. עס שטײען גרײט דיר צו דינען אומבאַגרע־ניצטע קרעפטען — הויב זײ אָן צו זוכען — און זײ וועלען ניט פאַרזאַמען זיך צו אַנטפּלעקען פאַר דיר. „ויגעת ומצאת תאמין". זײ וועלען דיר ברענגען גליק און צופרידענקײט. הויב אָן צו אַנטוויקלען די גרויסע געטליכע כחות פון דײַן נשמה דורך די מידות פון אהבה, ליעבשאַפט צו דעם גאַנצען באַשאַף, גלויבען און בטחון, שמחה און צופרידענקײט, רחמנות און נדיבות — און קוואַלען וועלען זיך פאַר דיר עפענען וואָס וועלען אָנפילען דײַן גאַנצע וועזען מיט מוטה און שטאַר־קײט — און דו וועסט אויסגעהײלט ווערען פון די

אַלע קרענק, וואָס פאַרביטערען דיין גאַנצען לעבען — ווי שרעק און זאָרג און קנאה־שנאה.

אום צו פאַרווירקליכען אָט־די אַלע אידעאַלען פון דער תשובה און צו העלפען די יחידים צו קומען אויף דעם ריכטיגען וועג פון פאַרפאָלקאָמענהייט, כדי צו געזונט מאַכען זייער גייסט און קערפער — דאַרף מען ניט שפּאָרען קיין מיה און ענערגיע און אין אָט־דער ריכטונג דאַרפען אַרבעטען אַלע די, וואָס ווילען דערהויבען דעם כבוד פון כלל ישראל. וד׳ ינחנו בעצתו.

**הרב נחום כהנא שפּירא**

## ביבליאָגראַפיע:

**תלמוד בבלי וירושלמי, מסכתא אבות, מסכת דרך ארץ רבה, זהר, תנחומא הקדום, מדרש תנחומא, מדרש רבה, ועוד.**

רבינו בחיי בן יוסף הדיין אבן פקודה, — **חובת הלבבות.**

רבי יהודה הלוי, — **כוזרי.**

רבינו משה בן מימון (רמב״ם), — **מורה נבוכים.**

ר׳ יחיאל ב״ר יקותיאל, — **מעלת המדות.**

ר׳ משה חיים לוצאטו, — **מסלת ישרים.**

ר׳ חיים וואָלאָזשינער, — **„נפש החיים״.**

**פון די באגרינדער פון פרייעם נאציאָנאַליזם**

אחד־העם, — **על פרשת דרכים.**

ש. דובנאָוו, — **בריעף וועגן אַלטען און נייעם אידענ־טום. (דערשינען אין רוסיש, איבערזעצט אין אידיש).**

**פון די בעלי־תשובה**

י. קויפמאן, — **גולה ונכר.**

קלמן וויטמאן, — **איד און וועלט, פאַרלאַג שולזינגער ברידער, ניו־יאָרק, תרצ״ח.**

חיים ליבערמאן, — **אין טאָל פון טויט, ניו־יאָרק, תשרי תרצ״ט.**

רעד. חיים ליבערמאן, — **שטימען פון טאָל, ניו־יאָרק, ת״ש.**

*Bergson, Henri,* Laughter, (trans. by Brereton and Rothwel, 1911).

*Bergson, Henri,* Creative Evolution, (translated by A. Mitchell, 1913).

*Burnham, W. H.,* The Wholesome Personality, 1932.

*Carpenter, W. B.,* Mental Physiology, 1874.

*Cannon, W. B.,* Bodily Changes in Pain, Hunger, Fear, and Rage, 1923.

*De La-Croix,* Traite de Psychologie, Paris, 1919.

*Dubois, Paul,* Influence of the Mind on the Body, 1906.

*Dubois, Paul,* The Psychic Treatment of Nervous Disorders, 1909.

*Dunlap, Knight,* Habits, Their Making and Unmaking, 1932.

*Gason, H.,* "General Aspects of the Conditioned Response," Psychological Review, v. 22, 1925.

*James, William,* Principles of Psychology, 1890.

*Mikessel, William Henry, Ph. D.,* Mental Hygiene Prentice-Hall, Inc., 1939.

*Pavlov, I. P.,* Conditioned Reflexes. An Investigation of Physiological Activity of the Cerebral Cortex, 1927.

*Shoen, M.,* Human Nature, 1930.